# חורבן
# דינאָוו
# סאָניק - דינעצק

פון

דוד מאָריץ



ניו־יאָרק תש"י

TE

ב"ה

# אינהאַלט :

# פאָרוואָרט צו די דינאָווער לאַנדסלייט

דאָס בוך חורבן דינאָוו האָב איך געשריבן כדי צו שטעלן אַ מצבה די טראַגיש אומגעקומענע דינאָווער יידן פון דעם דריטן חורבן.

כאטש איך בין נישט ראוי צו זיין דער מקונן נאָך די קדושים, דאָך „אלס דער עד ראי" וואָס האָט אלעם איבער־געלעבט און זיך צוגעזען צו דעם שרעקליכן חורבן פון שטעטל, אני הגבר ראה עני בשבט עברתו, פאר מיינע אויגן שטעהט נאָך דאָס גרויליכע בילד פון דער שחיטה וואָס איז פאָרגעקומען אין דינאָוו דעם צווייטן טאָג ראש השנה ת״ש 1939, ווען די קערפערס פון אונזערע ברידער האָבן זיך געוואלגערט אין די וועלדער ארום דעם שטעטל, די חורבה פון דער פרעכטיגער שוהל מיט די פארברענטע שקעלעטן,און דערנאָך דעם גירוש ווען מען האָט ארויסגעיאָגט אלע יידן פון שטעטל.

אָט דאָס אלעס גיב איך אייך איבער אין דעם בוך. זאָל עס בלייבן לזכרון פאר די צוקונפטיגע דורות, דאמאָלס ווען מיר אלע וועלען רוען אין שלאָף, און די צייט וועט פארדעקן מיט איר שטויביקע דעק אלע צרות און ליידן פון אונזער דור, וועלן די חורבן־ביכער בלייבן די אייביקע עדות פון אונזער מארטירער־געשיכטע, אין דעם גרויזאמען נאַצישן סאדיזם. מיר טאָרן עס נישט פאַרגעסן, ווי די תורה זאָגט אינז אָן: זכור אשר עשה לך עמלק! געדענקט וואָס עמלק האָט דיר געטאָן!

דאָס שטעטעלע דינאָוו האָט אונטער זיך אַ רייכע געשיכטע אין אידישען לעבן. מיט יאָרען צוריק איז דאָרט געווען אַ וויכטיגער צענטער פון תורה און חסידות. איבער נאכט איז עס חרוב געוואָרען, איעדער יידישער זכר איז דאָרט

# פאָרוואָרט

אויסגעמעקט געוואָרן, אפילו די מצבות פוןביידע בית־החיים׳ס האָבן די וואַנדאַלען צושטערט.

פיל מיה און צייט האָב איך אָפּגעגעבן צו שרייבן דעם בוך. איך האָב עס נישט געשריבן אונטער דעם איינפלוס פון אַ פערשיכורענדע מוזע; דאָס איז געשריבן מיט דעם בלוט פון מיין הארץ און דעם טרויער פון מיין נשמה, וועלכעס מען קאָן נישט אלע מאָל רעגולירען, אמאָל צושפרייט עס זיך ווי איין אומגעצוימטע וואסער איבער די ברעגעס, אדער עס פאלט אראָפּ מיט אַן איספּעט אין די טיפענישען.

עס איז געשריבען אין פאָרם פון איין דערצעלונג, נישט אלס אַן אויטאָביאָגראפיע, אדער כראָנאָלאָגיע, כדי צו געבען דעם לעזער כאָטש אַ טיילווייז בילד פון דעם אלעם וואָס דאָרט האָט זיך אָפּגעטאָן. כמעט אלע פערזאָנען וואָס ווערן דערמאָנט אין דעם בוך, זיינען גוט באַקאַנט די דינאָווער יידן. איך האָב געמוזט פאָרזיכטיג זיין אין יעדן וואָרט כדי ארויס־צוברענגען דאָס בילד פון יעדן מענש אזוי ווי אלע האָבן אים געקענט. פיל לייכטער איז פאר דעם שרייבער צו שרייבן אנדערע דערצעלונגען, ווען ער דארף נישט שטעהן מיט א יראת הכבוד פאר איעדן העלד, ער קען זיך פריי באַוועגן, שילדערען אים פון אלע זייטען סיי פון דער טראַגישער סיי פון דער קאָמישער זייט, אלעס איז ביי אים כחומר ביד היוצר, ווי דער ליים ביי דעם טעפּער, ברצותו מרחיב וברצותו מקצר, וויל ער מאכט ער עס ברייט, וויל ער מאכט ער עס שמאָל, ער טרעפט שטענדיג צום הארץ, צו דער נשמה פון זיין העלד וועלכן ער האָט קענן געלערנט אדער גולם וואָס ער האָט געשאפן. דאָס וועט זיין פארשטענדליכער מיט אַ משל, אַ ביישפיל, אמאָל מיט אַ סך יאָרן צוריק איז אַ רייכער מאַן

## פאָרוואָרט

געפאָרן זיך לערנען קריגס טעכניק. נאָך א צייט האָט ער זיך אויסגעלערנט און געוואָרן א בארימטער שיסער, ער האָט געקענט צילן מיט דעם פייל אין בויגן ממש צו איין פויגל אין דער לופט. ער איז א היים געפאָרן א צופרידענער; אויף דעם וועג האָט ער אָנגעטראָפען אין א דאָרף שפּורן פון א גוטן שיסער, עס איז געווען אויסגעצייכנט אראָד אויף דעם בוים, אין סאמע מיטן האָט געשטעקט א פייל וואָס האָט געצייגט די ארבייט פון א קינסטלער וואָס צילט אויסער געוועגליך. ער האָט זיך געהייסן רופן דעם קינסטלער און אים גיפרעגט, ווי האָסטו זיך אויסגעלערנט אזוי צילן? האָט ער געענפערט נאַאיוו, איך שיס קודם אוים די פייל און דערנאָך מאָך איך דאָס ראָד ארום עס זאָל אויסקומען אין מיטן. דער ביישפּיל איז פערשטענדליך, ווען דער שרייבער שאפט אליין דעם העלד פון דער פאנטאזיע און ער שפארט אים נאר אָן אין רעאלן לעבן, אדער ער פאָטאָגראָפירט אים בלויז אָפּ, איז אים פיל לייכטער. שווערער דאָגעגן זיינען היסטאָרישע דערצעלונגען אדער צו שילדערן מענשען וועלכע די לעזער האָבען זיי גוט געקענט און זיי אָוועקגעשטעלט אין א קלאָר בילד מיט זייערע נשמה ראנגלענישען. דער שרייבער פילט זיך אָפּט געבינדען אוים מורה פאר קריטיק פון לעזער. אמת איז אז דעם לעזער ליגט נישט דערין ווי אזוי עס איז געשריבען, שווער אָדער לייכט, אין קיך אָדער אין שטוב, דער עיקר איז עס זאָל זיין אינטערעסאנט און אנגענעם צו לעזען. די אלע כללים זענען שייך ביי ראָמאנען און דערציילונגען. אנדערש איז אבער ביי דער חורבן־ליטעראטור, דאָ קען נישט דער שרייבער מיטגיין מיטן לעזערס געשמאק און אויך נישט מיט זיין אייגענעם, דאָ מוזן דאָמינירען די גרויליכע פאקטען אזוי ווי זיי האָבען פאסירט.

# פאָרוואָרט

אויטענטיש איז דער ערשטער טייל פון בוך ביז דעם גירוש פון דינאָוו, און די צווייטע טייל האָב איך זיך שוין געמוזט באנוצן מיט פאקטען פון זייטיקע קוועלען וואָס מענטשען האָבען מיר דערצעהלט. דער עיקר איז אָבער, די יידן וואָס ווערן דאָרט דערמאנט זיינן אלע בעקאנטע דינאָווער יידן וואָס זיינען דערנאָך אומגעקומען אין די שטעט, אין די דערפער פון פוילען אין די לאגערס, אין וועלדער און בונקערס.

איך גלויב, אז די דינאָווער אידען לעזענדיג דאָס בוך וועלען זיך פיעל דערמאָנען אין זייערע עלטערן, ברידער און שוועסטער, קרובים און פריינט, די אלע קדושים וואָס זיינען אומגעקומען אין דער גרויזאמער שחיטה.

איינינע פון די יידן וואָס זיינען דערמאָנט אין דעם בוך זיינען גוט באקאנט די ריישער יידן, ספעציעל הרב ר' יוסף רייך דער דיין און ראש ישיבה פון ריישא.

איך האָף אי"ה נאָך אָנשרייבען אַ בוך וועגען חורבן ריישא. ווער עס האָט עפּיס פּרטים איבער די קדושים זיינע נאָנטע און ער ווינשט זיך עס זאָל זיין געדרוקט, ווערט געבעטען ער זאָל מיר פארשטענדיגען.

אין ענדע פון בוך איז פאראן א קאפּיטעל וועגן חורבן פון סאניק אין דובעצק.

דער מחבר
**דוד מאריץ**

# אַריינפיר

אויף דעם בּרעג פונעם סאַן, צופוסענס די קאַרפּאַטן בערג, ליגט דאָס קליינע שטעטעלע דינאָוו. אַ שטעטעלע וועלכעס מען האָט פאַרגעסען צו פערצייכענען אויף דער לאַנדקאַרטע, צוליב איר קליינע צאָל איינוווינער. עס איז געווען פארערעכענט אלס דאָרפישער ישוב. נאָר אין דעם אידישן מערטירער בּוך, איז עס פאַרשריבּן מיט גרויסע אותיות פון בּלוט און טרערן. מיט דריי הונדערט יאָר צוריק האָט עס דורכגעלעבּט דעם ערשטען שרעקליכן חורבן פון שנת ת"ח 1648 כמעט אַ פולשטענדיגע פארניכטונג פון דער קהלה דורך כמעלניצקים רויבער בּאַנדעס. מיט הונדערט און צוואַנציג יאָר שפּעטער, אין יאָר תקכ"ח איז פאָרגעקומען די צווייטע בּלוטיגע שחיטה אין וועלכע עס זיינען אומגעקומען איבער צוואַנציג אידען, וועלכע מען האָט בּאַערדיגט נעבּן די קדושים פון שנת ת"ח. דאָס ארט איז געווען ארומגעצוימט מיט אַן אייזערנע צוים, וועלכע קיינער האט נישט געוואגט איבערצו־טרעטן, כדי נישט צו שטערן די רוה פון די קדושים נאר אין חודש אלול פלעגן אידען זיך אוועקשטעלן נעבּן דעם פּאַרקן און זאָגען דעם מענה-לשון על ציון מרנן ורבנן; ווייבער פלעגן אויך דאָרט קומע קברים איינרייסן. די נעמען פון אלע קדושים זיינען געוועזן פארשריבּן אין דעם אלטען שול פּנקס, און אויף אַ יזכור טאָוועל אויף דעם בּאַלעמער פון שול. זייט דעם יאָר התק"ם 1800 איז דאָס שטעטל בּאַקאַנט געוואָרן אין דער לומדישער וועלט, דורך דעם בּארימטן רב און גאון ר' יעקב צבי יאַליש, דער בעל מחבר פון ספר **מלא הרועים** אויף ש"ס, וועלכער איז דאָרט געווען רב. נאָך אים איז געוואָרן דינאָווער רב דער רבי ר' יהושיע, אַ תלמיד מובהק פון חוזה פון לובלין. חסידים האָבּן געזאגט אז ער האָט געהאט גילוי אליהו. אין יענער צייט איז אָנגעקומען קיין דינאָוו דער רבּי ר' צבי אלימלך, נאָך לאַנגע וואנדערונגען און מחלוקות'ן

# אַריינפיר

וועלכע ער האָט געהאַט אויסצושטייען אין מונקאַטש און אין אנדערע שטעט, האט ער ענדליך געפונען א מקום מקלט אין דינאָוו אלס דיין, נאָך דער פטירה פון רבין ר' יהושיע איז ער געוואָרן רב אויף זיין אָרט. אין דינאָוו איז ער בארימט געוואָרן אין דער ברייטער חסידישער וועלט דורך זיינע גרויסע ספרים, „בני יששכר" „אגרא דכלה" „אגרא דפרקא" „דרך פקודיך" און אנדערע. דאָס רבנות האָט ער געפירט ביז זיין פטירה אין יאר תר"א, דאמאָלס ווען עס האט אין שטעטל געבושעוועט די כאָלערע. זיין אוהל איז געווען אין סאמע ענדע פון אלטען בית הקברות. נאָך אים האָט איבערגענומען דאָס רבנות זיין זון ר' דוד וועלכער האָט ארויסגעגעבען אָ חיבור אויף תורה מיט דעם נאמען צמח דוד. ער איז נפטר געוואָרן אין יאר תרל"א איבערלאָזענדיג דריי זין, אדמורים און רבנים, דער עלסטער ר' ישעיה הערץ איז געוואָרן ממלא מקומו אין דינאָוו, דער צווייטער ר' צבי אלימלך איז געוואָרן רב אין בלאָזיב און דער דריטער ברודער איז געווען דער בוקאָווסקער רבי. ר' ישעיה הערץ איז נפטר געוואָרן אין יאר תרמ"ה און איז באערדיגט געוואָרעןאין דעם אוהל צוזאמען מיט זיין פאָטער און זיידן.

דאָס רבנות האָט איבערגענומען זיין איידעם ר' יוסף ביז דעם יאר תרצ"ג.. דערנאָך איז אָ קורצע צייט געווען רב זיין זון ר' דוד, וועלכער איז אָ יאר דערנאך נפטר געוואָרען, איבער־לאָזענדיג דאָס רבנות צו זיין זון ר' מענדעלע, ער איז אומגעקומען דורך די נאצים.

דער לעצטער חורבן און פולשטענדיגער גירוש איז פאָרגעקומען אין יאר ת"ש 1939 דעם צווייטן טאָג ראש השנה דורך די בלוטיגע היטלער באנדיטן.

# חורבן דינאָוו

## קאַפּיטל 1

ווייט ווייט אונטער דעם שטעטל האָט מען ארויסגעזען דעם הויכען בנין פון דער שול, וועלכע איז געשטאַנען אויף דעם שפּיץ בערגעל אויף דער מזרח זייט. די הויכע פענצטער האָבן געפינקעלט אַ קעגן דער זון, ווי קאָלירטע פאנטאסטישע פייערלעך. עס האָט אויסגעזען ווי אַ פּרעכטיגער פּאַלאַץ, וואָס שיינט ארויס פון צווישען בוימער אין דאָרפישע כאַטקעס. איבער דעם גרויסען טויער האָבן געלויכטען די גאָלדענע אותיות, מה טובו אהליך יעקב, דער סימבאל פון הייליגקייט און פּראַכט פון יעקב׳ס געצעלטען. אין דעם שול בנין זיינען אויך געווען צוויי קליינע שילעכלעך, פון די קצבים און שניידער. אריינקומענדיג אין דעם שניידער שילעכל, איז מען געבליבען שטיין פאַרגאַפט, ווי אַ צוגעקאָוויטער צום פּלאַץ, באהערשט פון דעם יראת הכבוד און פּראַכט, וואָס האָט אראָפּגעשיינט פון אלע זייטען, נישט געוויסט וואָס פריער צו אָבסערווירען צי דאָס פּלושענע מיט גאָלד אויסגעשטריקטע פּרוכת, דאָס קינסטליכעע שניצערייִ ארום דעם ארון קודש צי די קונסט־מאלעריי פון די ווענט. דער לייב און הערש, לעמפּערט און אָדלער, וואָס האָבן אילוסטרירט דעם מאמר פון יהודה בן תימא, הוי עז כנמר, זיי שטארק ווי אַ לעמפּערט, וקל כנשר, און גרינג ווי איין אָדלער צו דערפילען דעם באַפעל פון אלמעכטיקען, רץ כצבי וכבור כארי, האָבען אין זיך געהאַט עפּיס לעבעדיגס, פון וועלכע עס איז געווען זיך שווער אוועקצורייסען אַממיינסטענס האָבען בעגייסטערט די אילוס־

טראַציעס פון דער אידישער געשיכטע. די הערויאישע און טראַגישע מאָמענטען פון זיין אוראַלטער היסטאָריע, וואָס האָבען איעדן מיטגעריסען און געמאַכט אויפצאַפּלען דאָס האַרץ ווי ביי אַ פאַנטאַסטישען חלום. פון איין זייט האָט געווירקט דאָס לעבעדיקע בילד פון דער געשיכטע, פון דער צווייטער זייט די האַרציגע תנ״ך־שפּראַכע, די פּסוקים וואָס האָבען בעצייכענט דעם אינהאַלט פון איעדער אילוסטראַציע, וועלכעס האָט אַריינגעבריינגט אין האַרץ אַ מין עטוזיאַזם, באַגלייט מיט אַ רעליגיעזען ציטער. אַט פאַלט דער בליק אויף דער עקדה, מען דערזעט אַ מזבח אַ פלאַמענדיקען, איבער אים איז אויסגעשפּרייט אַ געדיכטער רויך וואָלקען דערביי שטייט אַ ווייס שעפּעלע, מיט בעטענדיקע אויגען, פאַרפּלאָנטערט די הערנער אין אַ בוים. באַלד פאַרבלאַנקעט דאָס אויג אין דער וויסטער מדבר צום באַרג סיני, אויף וועלכען עס ברענט אַ העליש פייער, אין דער זייט שטייען די סאַנדאַלען פון משה רבנו, דער פּסוק וואָס קאָמענטירט די אילוסטראַציע איז, של נעליך מעל רגליך כי המקום אשר אתה עומד עליו אדמת קודש היא, נעם אַרונטער די שיך פון דיינע פיס, ווייל הייליק איז דאָס אָרט וואָס דו שטייסט דאַרויף. אויף דער מזרח וואַנט האָט מען געזען די הייליקע שטאָט ירושלים, אַלטע הייזער מיט קיילעכיקע און פלאַכע דעכער. די כותל מערבי, די אַלטע היסטאָרישע קלאָגוואַנט. געבויט פון ריזיקע שטיינער, דאָס רעשטעל פון בית המקדש, און פון אידישער אַרכיטעקטור. אויף די שטיינער איז געווען פערצייכענט די ערטער פון גילוי שכינה צו ר׳ יוחנן בן זכאי און צום רדב״ז ז״ל. איבער אַלעם איז געווען אויסגעשפּרייט אספיר בלויער הימעל. אַ סודות׳פולער אומעט און טרויער איז געווען אויס־געגאָסען אויף דעם גאַנצען בילד, אויף דער חרוב׳דיגער וואַנט בליקענדיג דאַרויף האָט אַ מין בענקשאַפט אַרומגענומען דאָס האַרץ, אַריינגעדרונגען אין די טיפענישען פון דער נשמה.

עס האָט זיך געוואָלט ארומנעמען די וואַנט און זי קושען, מיטוויינען מיט איר ווי אַ קינד אין דער מוטערס שויס. איבער דעם בילד איז געווען דער נביאישער צוזאָג פון ווידער אויפלעבונג און אויפשוואונג פון דער הייליקער שטאָט, אַ מין שבועה וואָס האָט דערמוטיקט דאָס הארץ ווי אַ גאָלדענער זון שטראַל אין אַ הערבסט טאָג, למען ציון לא אחשה ולא אשקוט עד יצא כנגה צדקה וישעתה כלפיד יבער, איך וועל ניט רוען וועגן ירושלים ביז איר גערעכטיגקייט וועט אויפשיינען ווי דער מאָרגענשטערן, און איר הילף וועט זיין ווי אַ פלאַקער. אויף דער צפון וואנט איז געווען אַ בילד פון ערשטען חורבן ארויסגענומען פון דעם קאַפיטל תהילים, על נהרות בבל שם ישבנו גם בכינו בזכרנו את ציון, על ערבים תלינו כנורותינו. אַ בלוי גרינער טייך שלענגעלט זיך צווישען ברעגעם פאַר־וואַקסען מיט קאָמיש. שטייען ווערבעס, מיט צעשפרייטע נאָכהענגעדיקע צווייגען ווי טרויריקע פרויען מיט צע־לאָזטע האָר, אָנגעהאָנגען מיט פארשידענע פידלען און האַרפען. אין דער הויך איז אויפגעשריבען דער שטאָלצער ענטפער פון די לויים, וואָס האָבען זיך ענטזאגט צו שפילען די הייליגע לידער פאַר דעם פיינט, איך נשיר שיר ד׳ על אדמת נכר, אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני, דאָס האָט געקלונגען ווי אַ שבועה און גלייכצייטיג ווי אַ צוואה, זינגט נישט פאַר די פעלקער אייערע הייליקע לידער. דער סופיט האָט אַוועקגעפירט ווייט אין דער אסטראָלאָגישער וועלט, פון די צוועלפחודשדיקע מזלות, ניסן טלה, אייר שור, סיון תאומים א.א.ז.וו. אין מיטן סופיט איז געווען אַ געשטאלט פון לויתן. די שול פון אינעווייניג אַ ריזיק קוואדראַט זייל, צוויי שטאָק הויך. אויף די ווענט האָט מען כמעט ניט געזען קיין אילום־טראַציעס, נאָר אומצעליגע פסוקים פון תנ״ך, די עשרת הדברות און פערשידענע תפילות. ארונטער צו פון די פסוקים זיינען די ווענט געווען באַדעקט מיט טאָפעלס אויף וועלכע עס זיינען

געווען אָנגעשריבען קאַפּיטלעך תהילים. דאָס קאַפּיטל קמ"ד לדוד ברוך ד׳ צורי, איז געווען אויסגעשניצט פון האָלץ באַגילדעט מיט בראָנז. נעבען דעם קאפיטל איז געווען אויס־געשניצט דער יהי רצון פון ראש חודש מיט צוויי לייבען אין דער הויך אַקונסליכע אַרבייט פון מאיר בן משה מילדוואָרף.



אַ בילד פון דער דינאַווער שוהל

מיט גרויסע זילבערנע אותיות איז געווען געשריבן דאָס קאַ־פּיטל תפלה לעני כי יעטוף ולפני ד׳ ישפוך שיחו, אַ קאַפּיטל וואָס בלויז דער ערשטער פּסוק האָט אזוי בולט פאַרגעשטעלט דאָס בילד פון דעם געיאָגטען און געפּלאָגטען איד, וועלכער גיסט אוים זיין ביטער הארץ פאר דעם אלמעכטיקען. ביי דעם איז געווען אַ צווייט קאַפּיטל למנצח על אילת השחר, מיט אַ גאנץ ענליכען אינהאַלט צו דעם פאַריגען. אַנשטאָט איין אַרימאַן האָט זיך געדאכט אַז עס שטייט אַ קלאָגענדיקע פרוי מיט פאַרבראָכענע הענט וואָס יאָמערט און שרייט, א־לי א־לי למה עזבתנו, רחוק מישועתי דברי שאגתי. אויף דער צפון וואנט איז געווען אַנגעשריבען דאָס אַלטע און גלייכצייטיג דאָס נייע קלאָג ליד פון אידישען פאָלק, תהילים ע״ט, מזמור לאסף א׳ באו גוים בנחלתיך, טמאו את היכל קדשיך, שמו את ירושלים לעיים, נתנו את נבלת עבדיך מאכל לעוף השמים בשר חסידיך לחיתו ארץ, שפכו דמם כמים סביבות ירושלים ואין קובר. אַ! ג־ט, געקומען זיינען באַרבארישע פעלקער און האָבען פאַראומרייניגט דיין היכל, דאָס פלייש פון דיינע חסידים האָבען זיי געגעבען צו פרעסען די חיות פון דער ערד און צו די פויגעל פון אונטער דעם הימעל. זייער בלוט גיסט זיך ווי וואַסער אויף די גאַסען, די קערפּערס וואַלגערען זיך ארום און עס האָט זיי נישט ווער צו באַגרובען.

## קאַפּיטל 2

# מי בחרב ומי באש.

שווערע וואָלקענס האָבען זיך פאַרשפּרייט אויף דעם אידישען האָריזאָנט. פון אָנהויב דעם יאָר ת״ש, אַ צענפאַכיגער שנת ת״ח. די היטלער דייטשע האָרדעס און מענשען פרעסער האָבען אָנגעהויבען זייער גרויזאַמען צוג אויף פּוילען. ווי אַ מעכטיגעער הוראַגאַן, האָבען זיי זיך אַלע געוואָרפען אין דעם רויב מאַרש כדי צו שעכטען, ראַבירען און פאַרשקלאַפען אַלע פרידליכע פעלקער. פאַר זיי איז געווען אַ גן עדן פון שטעט און שטעטלעך, אין וועלכע עס האָט פּולסירט אַ רייך אידיש לעבען. אונטער זיי איז געוואָרען אַ מדבר, ווי נאָך אַ וואָלקאַן לאַווינאַ אָדער אַן ערד ציטערניש. חרוב׳דיקע שטעט און דערפער, שייטערהויפענס מיט מענשען שקעלעטען, הענד און פיס האָבען זיך געוואַלגערט אויף די וועגען. שטייפע קערפערס האָבען געהאָנגען אויף די טעלעגראַף סטאָלבען, ווי וועש וואָס מען הענגט ארויס אויף צו טרוקענען. דאָס זיינען געווען די ערשטע בלימלעך, מיט וועלכע זיי האָבען בעשאָטען אַלע וועגען, ווי נאָר זיי האָבן אָוועקגעשטעלט זייערע בלוטיקע שטיוועל. דריי טעג פאַר ראש השנה זיינען זיי אָנגעקומען קיין דינאָוו, מיט פאַרקאַטשעטע ארבעל ווי די קאַלערס אין שעכט־הויז אריין.

### פרייטיג דער צווייטער טאָג ראש השנה.

די שוהל איז איבערפולט מיט הונדערטער פליכטלינגע, וואָס זיינען אנטלאָפען פאַר די גרויזאַמע מענשען פרעסער. דאָ זיינען זיי שוין געבליבען שטעקן ארומגענומען פון אַלע

זייטען מיט זייערע בליטיקע נעגעל. אַ פּרעכטיקער און שעהנער טאָג איז דאמאָלס געווען פאר די באַנדיטען. פאר דעם הייפעל אידען איז ער אָבער געווען אַ טראַגישער, אַ שרעקליכער. נאָך איינמאָל האָט די זון אריינגעשיינט אין דער שול, באַלויכטען די פארביקע שויבען ווי פאנטאסטישע ברילאַנטען, צום געזעגענען. צום לעצטען מאָל שיינען אראָפּ פון די ווענט, די גאָלדענע אותיות די פסוקים וואָס האָבען געלערענט די גאַנצע וועלט דאָס איידעלע, ערהאָבענע גלויבען פון אחדות הבורא, די עטישע און הומאניטאַרישע לערע פון לא תרצח, נישט מאָרדען, לא תגנוב, נישט גנב'נען, ואהבתה לרעך כמוך, און די זאָלסט ליב האָבען דיין חבר ווי זיך אליין, דאָס אלעס וואָס איז דער שטאָלץ פון אידישען פאָלק. אלע זיינען פאר־חושכט, פאַרשוואַרצט ווי די טונקעלע נאַכט, די אויגען דער־שראָקען, צוטומעלט. פון אלע זייטען הערט זיך אַ קלאָג, אַ יאָמער, אַ זיפצעריי פון דער ווייבער שול פון דער הויך און די מענער אונטען. אלע האָבען געשראָקען פארן היינט און נאָך מער פארן אומבאַקאַנטען מאָרגען, אלע האָבען זיך אָפּגעגעבען אַ דין וחשבון דאָס זיי געפונען זיך שוצלאָז אין די נעגעל פון דער בלוטיגער היטלער חיה.

אויף אַ מאָמענט איז אלעס שטיל געבליבען. יאַטשע חזן האָט אָנגעפאַנגען צו זאָגען די רירענדע תפילה, ונתנה תוקף, מיט אזא צאַרטע לירישע שטימע, וואָס האָט דערגרייכט ביז די טיפענישען פון דער נשמה, און ארויסגעבראָכן טרערען פון די אויגען, טראָץ דעם וואָס ער האָט אויסגעזען ווי אַ שוואַך אויסגעוויקט אידל, וואָס האָט קוים דערגרייכט מיטן קאָפּ צום עמוד. זיין שטימע איז אָבער געווען אַ מעכטיקע, וואָס האָט אָפּגעקלונגען מיט אַ ווידער קול אין די הויכע שול ווענט. דער עולם איז געבליבען שטיין מיט ברייט צעעפענטע אויגען, ווי צוגעקאָוועטע צום אָרט און מיט געשפאַנטע נערווען

זיך צוגעהערט צו יעדען וואָרט. זיי האָבען אויף אַ מינוט פאַר־געסען אין דער טרויריקער לאַגע, אין אלע ערדישע דאגות, באהערשט פון אַ זיסען עקסטאז וועלכען דער מענש גיט זיך אזוי גערען אונטער, ביי דעם קלאַנג. פון מוזיק און געזאַנג. אלע האָבען געשפירט דאָס גרויסקייט און הייליקייט פון דעם הימלישען און ערדישען יום הדין, וואָס דער חזן האָט זיי געשילדערט מיט פאַטאָס און געפיל, דאָס ציטערעניש פון די מלאכים ווען זיי דערהערען דאָס קול פון דעם גרויסען שופר. דאָס גרויסע ספר הזכרונות אין וועלכען עס איז פאראַן יעדעמס אונטערשריפט, ווערט געעפענט און פון זיך זעלבסט געלעזען, קליינליך און ווערטלאָז האָט אין דער מינוט אויסגעזען דער זינדיקער מענש מיט זיינע נאַרישע תאוות און פארלאַנגען, ווי אַ ווערטלאָזער חלום, ווי אַ פליענדיקער שאָטען, וואָס ווערט שנעל פארשוואונדען אַקעגען די הימלישע אייביקייטען. ביי די צווייטע תפילה, בראש השנה יכתבון וביום צום כפור יחתמון כמה יעברון וכמה יבראון מי יחיה ומי ימות, איז זיין שטימע ווייכער געוואָרען, נאָכגיביגער, פול מיט געבעט און געוויין, ווי די צאַרטע, בענגליכע טענער פון אַ פידעל. ער איז מיט אמאָל אראָפּגעפאַלען פון דעם רוחניות'דיקען עולם, פון דער וועלט פון גייסט צוריק אין די טיפענישען פון דעם עולם הגשמי, פון די מאטעריאליסטישע וועלט אין וועלכע עס הערשט טויט און הונגער, עלענט און נויט. עס האָט זיך געדאַכט אז ער לייענט אלעמען פאַר אַ שווערען געריכט אורטייל, אויף וועלכען עס איז שווער צו אפעלירען. דער עולם האָט זיך שנעל איבער־געוועקט פון דעם זיסען עקסטאז, דער ומי בחרב, ווער מיט דער שווערד, ומי ברעב, ווער אין הונגער, ומי באש, ווער אין פייער, האָט אלעמען אויפגעשוידערט, ווי מען זאָל אין זיי אריינשטעקען אומזעבארע שפילקעס. די געזיכטער זענען צוריק שוואַרץ געוואָרען און די אויגען פארלאָפען מיט טרערען. נאָך קיינמאָל האָבען זיי נישט באגריפען די באדייטונג פון די

ווערטער ווי איצט אין אָנבליק פון דער טראַגישער ווירקליכקייט, וואָס שטייט אלעמען פאר די אויגען אין געשטאלט פון דער גרויזאמער היטלער חיה מיט אירע בלוטיגע נעגעל און אָפענעם פיסק פון געל פארזשאווערטע ציין גרייט איינצושלינגען. ווען דער חזן איז שטיל געבליבען אויף אַ מינוטיגע אָטעם פויזע, האָט מען דערהערט די קלינגענדיגע שטימע פון זיין משורר לייבטשע ראָט, אַ זון פון דעם מצבה קריצער, וועלכער האָט געזונגען די ערשטע סאלא, מיט דער באגלייטונג פון חיים פראנק, אַ אינגעל וואָס האָט געהאַט אַ דין שטימעלע ווי אַ פייפערל. נאָך אים האָט געזונגען סאלא ישכר גרינבוים, אַ שווארצחנעוודיג אינגעל מיט געקרויזטע פאות, קיילעכדיגע רויטע באקען, שווארצע קלוגע אויגען פון וועלכע עס האָט ארויסגעשיינט איוגענטליכער און גרעניצלאָזער ענטוזיאזם און פרייד. זיין שטימע איז געווען איבערפולט מיט אַ פריילעכען ענטוזיאזם ווי אַ פרילינג הענאל וואָס וועקט אויף אין הארץ אַ בענקשאַפט נאָך דעם גרינעם פעלד, פרישע גראָזען, און פויגעל געזאנג. איצט האָט זי אויסגעוויזען טרויריג וויינעדיג ווי אַן אומעטיקע הארמאָניע אין אַ הערבסט אָוונט. ער האָט גוט פארשטאנען די באדייטונג פון די ווערטער מי בחרב ומי ברעב, מי באש, וואָס שטייט איצט פאר די אויגען, דאָס איז נישט קיין געזאנג נאָר אַ געוויין, ענליך צו אַ מלא רחמים תפילה. דעם עולם האָט זיך אויסגעדאכט אז זיי הערען איין אָרקעסטער, וועלכער פארשיכורט מיט זיינע זיס בענגליכע און טרויריגע מעלאָדיעס. אלמענס אויגען זענען געווענדעט צו די טרעפ פון ארון קודש, דאָרט ווי די משוררים האָבען געזונגען. עס האָט אויסגעזען ווי אַ פאַנטאסטיש בילד די באגילדעטע לייבען, און קינצטלעכע שניצעריי וואָס האָבען באצירט דאָס ארון קודש. (די ארבייט פון מאיר מולדוואָרף.) דאָס פלושענע מיט גאָלד געשטריקטע פרוכת האָט געבלישטשעט אקעגען די פארבלאנקעטע זון שטראַלען. די יונגע משוררים אונטער דעם

אייזערנעם צוים, ווי שפּילפייגעל אין אַ באַגילדעטע שטייג. נאָר זייערע ווערטער האָבען גאָרנישט האַרמאָניזירט מיט דעם פאַנטאַסטישען בילד. אין זיי איז נישט געווען קיין קונסט־ליכע פּאָעזיע. דאָס זיינען געווען ווי שאַרפע פיילען וואָס האָבען געצילט טיף אין האַרץ אריין. רעאַליסטישע בילדער פון דער גרויליכער ווירקליכקייט, וואָס נויטיקט זיך נישט אין קיין שום פערקליידונג. דאָס וואָס זיי האָבען שוין געזען טייל־ווייז אין פאַרלויף פון די צוויי וואָכען קריג, שרפות, און חורבן, גאַנצע ישובים זענען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין רואינען אין געציילטע מינוטען. און דאָס וואָס דערוואַרט זיי היינט אויף דעם וואַנדער וועג, און פרויען און קינדער אין דער היים. וועלכע זיי האָבען איבערגעלאָזט אין די הענט פון דעם גרוי־זאַמען גורל, אויב זיי הונגערען נאָך נישט היינט, דערוואַרט ער זיי מאָרגען. זיי האָבען שוין געזען דעם אנהייב פונם שרעקליכען חורבן פון אידישען לעבען. דאָס פּראַכטפולע בילד פון דעם חזן און משוררים האָט אויסגעזען נישט מער ווי די פאַרבליבענע זומער פייגעל, וואָס טרעלן פאַרזאַמעלטע הייט אויף די בוימער און טעלעגראַף דראָטען צום לעצטען מאָל פאַר זייער אָפּפליען.

קאַפּיטל 3

## אל תשלכנו לעת זקנה.
## וואַרף מיך נישט אַוועק אויף דער עלטער

ביי דער מערב וואַנט נעבען דעם שוואַרצען גלעזערנעם טירעל אויף וועלכען עס איז געווען אויסגעמאָלען דער קבר רחל, איז געשטאַנען שלמה רייזן אנגעשפּאַרט אויף דעם שטענדער, מיט דעם טלית איבער דעם קאָפּ, אַן אַלטער גרייז גרויער איד

איבער די אכציג, פון זיינע רויטע ווייעדיגע אויגען, האָבען געגאָסען טרערען ווי פון אַ קוואל. טרערען ביטערע, אידישע וואָס קיין שום פאָלק קען זיי נישט פארשטיין. טרערען פון דעם באָדענלאָזען איד וועלכער שפירט זיך עלענט און איינזאם, ווי אַ וואנדערער אין דער וויסטער מדבר, וואָס וואוינט אין אַ פראָוויזאָריש געצעלט, זיין לעבען איז פול מיט שרעק און ציטערט פאר איעדען שאָרך, ווי אַ בלאַט אויף דעם ווינט. אָט דאַכט זיך אים קומט אָן אַ שטורם, ווילדע רויבער דער־נענטערן זיך צו זיין געצעלט, ער ווייסט אז זיינע געשרייען, זיין רעטונגס רוף וועט זיין אַ קול קורא במדבר, אן איינזאמע שטימע וואָס רופט אין דער וויסטע, אויף וועלכע קיין מענש וועט זיך נישט אומקוקען. די גאנצע וועלט זעט אוים אין זיינע אויגען ווי אַ ווילדער מדבר אין וועלכען עם הערשט נאָך אלס די פויסט מאכט דער וואָס האָט שאַרפע ציין און נעגעל פון אַ ווילדע חיה, דער הערשט, דער וואָס האָט נישט קיין ציין און נעגעל זיך צו שיצען, ווערט אומרחמנותדיג צוטרעטען און אויפגעפרעסען. נישטא קיין יושר און רחמנות צווישען די גוים. דער איד איז ווי א שוואַך שעפעלע צווישען וועלף, אויף וועמענס בלוט און פלייש אלע לאָקערען. אין אַ שלעכטען מאָמענט ווערען אפילו זיינע גויאישע פריינט פארוואנדעלט אין רוצחים. זיין איינציגע טרייסט און האָפנונג איז געווענדעט נאָר צום אלמעכטיגען.

ער האָט געמאכט אַ חשבון הנפש פון זיין גאַנץ לעבען, פון קינדוויז אָן און נישט געפונען קיין איין גליקליכע מינוט. שטענדיג האָט ער געלעבט אין שרעק, אין נויט, געליטען הונגער, אלע זיינע יאָרען איז ער געווען אַ דאָרפס גייער, איינגעשפאַנט צום קויש, ווי אַן אָקס אונטער די יאָזשמע, געשראָקען פאר דעם גויאישען קליינוואָרג, וואָס האָט אים צומאָל באַגלייט מיט שטיינער און אָנגערייצט אויף אים די

הינט. געווױנט אין ענגשאַפט אין דעם קלײנעם הײזעל נעבען דער שול, בעזאַמען מיט הינער און גענדז וואָס ער פלעגט האָדעװען. געהאַפּט כאַטש נאָך די לעצטע פּאָר יאָר וואָס איז אים נאָך איבערגעבליבן, רואיג אויסצולעבען, טאָקע אין דעם ענגען שטיבעל, פאר דאָס אָבער, נאָענט צו דער שול און בית המדרש ביי איין קאַפּיטל תהילים און פרק משניות. פּלוצים איז געקומען איין אומגליק אויף דער וועלט, אַ ביטערע מלחמה. וואָס מלחמה באַדייט האָט ער נאָך גוט געדענקט פון יענער קריג פון 14-טען יאָר. הונגער און נויט, שרפות און פּאָגראָמען, דאָס אַלעס וואָס עס שטייט אויסגערעכענט אין דער תפילה פון ונתנה תוקף, אָט וועט אים, מיט די קראַנקע פיס און ווייעדיקע אויגען, אויסקומען צו וואַנדערען אין הונגער און קעלט, אויפשטעלען די האַנד נאָך נדבות, אומקומען ערגיץ אויף דעם פרייען פעלד, און נישט קומען אפילו צו קבר ישראל. דערבײ איז אים אַ שווידער אַדורך פון קאָפּ ביז פיס, ער האָט אָנגעהויבען צו ציטערען און בעטען, אל תשליכנו לעת זקנה, ווארף מיך נישט אוועק אויף דער עלטער, ככלות כוחינו אל תעזבינו, ווען אונזערע כוחות ענדיגען זיך פאַרלאָז אינז נישט. בעסער צו שטאַרבען אין זײן הײזעל, דאָ ביי דער שוהל צווישען אידען. ער האָט אָבער נישט געוויסט אַז צו אים איז געוועגדעט דער ומי באש, שוין אין היינטיגען אָוועגט אויף דעם זעלבען אָרט אין שול.

דאָס דאַוועגען האָט מען שוין נישט פאַרענדיגט אין שול. צוויי דייטשע רוצחים זענען אַרייגעפאַלען ווי טייוולאָנים אין שוהל אריין, אויסגעשאָסען עטליכע קוילען אין סופיט אריין צווישען עולם איז אַנשטאַנען אַ שרעקליכע בהלה, אַלע האָבען זיך געשטופּט צו די טיר, ווי עס זענען געשטאַנען די באַנדיטען מיט געווער אין די הענט און געפּאַדערט ציגאַרעטען, געלד און זייגערס. קוים מיט צרות און טויט שרעק האָבען זיי זיך

אהיים געכאפּט. נאָכמיטאָג האָט זיך פאַרשפּרייט אַ פינסטערע כמארע איבער דעם שטעטל, עס זענען אָנגעקומען עטליכע אויטאָס מיט ס.ס. מערדער און מאָמענטאל זיך צעלאָזט איבער דעם שטעטעל ווי ווילדע טיגערס, נאָך בלוט און רויב. ארויס־געטריבען די מענער פון די שטובען אין מארק אריין. עטליכע באנדיטען זענען אריינגעפאלען אין בית המדרש אריין, מיט די רעוואָלווערען אין די הענט און פון דאָרט ארויסגעטריבען אַ גרעסערע גרופּע פּליכטלינגע וואָס האָבען פּונקט געגעסען די סעודה. צוזאַמען מיט די פּליטים האָט מען אויך פארנומען לייביש בוים, אן אכצען יאָריג אינגעל וואָס האָט געשמ׳ט אין שטעטעל מיט זיין מסירת נפש פאר אָרימע לייט און קראנקע. ער איז אַרומגעלאָפען גאַנצע טעג כדי צו באַזאָרגען אלעמען מיט עסען. ער האָט איצט געהאָלפען דערלאנגען צו ־־י טישען און נישט גערעכט זיך אז היינט איז דער לעצטער טאָג פון זיין יונג לעבען. אויף אים איז געחתמ׳עט דער שרעק־ליכער גזר אומצוקומען צוזאמען מיט זיינע טייערע פריינט. די באנדיטען האָבען באפוילען אלע זיך אויסצושטעלען אין דער רייע, און מארשירען אין מארק אריין. אן אלטער איד וואָס האָט נישט געקענט מיטהאלטען די רייע, האָט באקומען עטליכע קלעפּ מיט די שווער געטשוועקעטע שטיוועל, לייביש בוים וואָס האָט אים געוואָלט העלפען אויפהויבען זיך, האָט אים איינער פון די באנדיטען צעהאקט דעם קאָפּ מיט דער קאָלבע. אלע האָבען געמוזט גיין מיט לויף שריט אין מארק אריין. אין דער זעלבער צייט האָבען אנדערע באנדיטען צונויפ־געטריבען די אידען פון אלע געסלעך.

## קאפיטל 4

## כי עליך הורגנו כל היום, נחשבנו כצון טבחה
## איבער דיר הרגעט מען אינז אַ גאַנצען טאָג,
## מיר זיינען גלייך ווי שאָף צו דער שחיטה.

מלך גלעזער איז זיך געזעסען אין זיין אָרים שטיבעל און געזאָגט תהילים. אַ פשוט תמימות'דיג אידעל, מיט אַ בלייך אויסגעמוגערט געזיכט פון וועלכען עס האָבען ארויסגעשיינט ערליכע קינדישע נאַאיווע, אויגען, וואָס פארשטייען נישט קיין שום חכמות און דריידלעך. אָרעם און נעבעכדיג איז געווען זיין הולך, אַן אלטע אָפגענוצטע צעריסענע בעקעשע נאָך פון דער חתונה מיט אַן אויסגעקראָכען שטריימעל. דאָס איז געווען זיין שבת און יום-טוב'דיגער לבוש. אפילו זיין שיטער געל בערדעל האָט זיך אויך צוגעפאסט צו זיין קבצנישען הילוך. שווער און ביטער איז געווען זיין לעבען. טאָג איין טאָג אויס, האָט ער זיך ארומגעשלעפט מיט אַ שווער קעסטעל שויבען איבער די דערפער, ביז ער האָט אהיימגעברענגט אַ זלאָטע. דערפון האָט ער געמוזט אויסהאַלטען אַ גרויס בני בית מיט אַן אַלטער מוטער. נישט זעלטען פלעגט ער אהיימקומען אָן דעם אויך. זיין איינציגער תענוג רוחני, גייסטיגער, פערגעניגען וואָס האָט אין אים ארייגעגעבען כח דאָס אלעס איבערצוטראָגען, איז געווען דאָס בית המדרש ווי ער פלעגט יעדע נאכט זיך אוועקזעצען ביי דעם משניות טישעל, און צוהאָרכען זיך צו דעם שיעור משניות וואָס מרדכי בראנד האָט פאָרגעלערענט פאַר דעם עולם. נאָך דעם האָט ער אויסגעהאָרכט דעם שיעור חק וואָס ישראל משה איינזידלער פלעגט לערנען מיט עטליכע אידען, פון וועלכען ער האָט געהאלטען ווי פון אַ רבין. אַ

באַזונדער חיות איז פאַר אים געווען דער תהילים וואָס ער פלעגט יעדען טאָג דורכזאָגען אַ גאַנצען ספר. ביי דעם תהילים האָט ער זיך געשפירט ווי אַ פיש אין וואַסער, אַ יעדעם קאַפּיטל, איעדעם וואָרט האָט געדעט צו זיין הארץ מיט אַ פּשוטער פארשטענדליכער שפּראך. וואויל איז דעם מענש וואָס גייט נישט מיט די עצה פון די רשעים, און אויף דעם וועג פון די זינדיקע איז ער נישט געשטאַנען, נאָר זיין באַגער איז צו לערנען די תורה פון ג-ט טאָג אין נאַכט, דער וועט זיין ווי אַ בוים וואָס איז פארפלאַנצט ביי אַ קוואל, וואָס זיינע פרוכטען וועלען וואַקסען און די בלעטער וועלען נישט פארוויאַנעט ווערען. די רשעים וועלען זיין ווי די פּלעווועס אַ קעגען דעם ווינט. אין דעם האָט ער געפונען אַ בילד פון זיין שווערען אָבער ערליכען לעבען, אין וועלכען ער דאַרף זיך פילען גליקליך, איידער אין דעם פאַרדאָרבענעם לעבען פון די רשעים. די ווערטער זענען געווען אַ טרייסט צו זיינע ליידען ווי אַ פאָטער־ליכע האנט זאָל אים צערטלען. ראש השנה האָט ער אדורך געזאָגט גאַנץ תהילים. ער האָט גראד געזאָגט דאָס קאַפּיטל מ"ד למנצח לבני קרח משכיל א' באזנינו שמענו אבותינו ספרו לנו פועל פעלתה בימיהם בימי קדם. אַ! ג-ט, מיט אונזערע אוירען האָבען מיר געהערט, אונזערע עלטערען האָבען אונז דערצעלט, פון די נסים וואָס דו האָסט אמאָל מיט זיי געטאָן. היינט אָבער האָסטו אונז פאַרלאָזט און פארשעמט. דו האָסט אונז איבערגעגעבען ווי שאָף צום פרעסען, פארקויפסט דיין פאָלק אָן געצאָלט. דו האָסט אונז געמאכט צו שאנד און צו שפּאָט צווישען אונזערע שכנים. דערביי האָט ער זיך דערמאנט ווי די גויים פון דאָרף זענען אים באַפאלען און אויסגעריסען אַ האלבע באָרד, צובראָכען דאָס קעסטעל שויבען. שוין צוויי וואָכען זייט דער קריג האָט זיך אנגעהויבען וואָס ער פאַרדינט נישט קיין גראָשען, און שולדיג איז ער פון אלע זייטען. אַ שוידער איז אים אַ דורך ווען ער האָט זיך דערמאָנט די

מעשיות וועלכע ער האָט זיך אָנגעהערט איבער די דייטשע רוצחים, ווי אזוי זיי באַגייען זיך מיט די אידען. פיעל ערגער פון די פוילישע פּאָגראָמען פון 18-טען און 19-טען יאָר. זיי מאָרדען און שעכטען אידען גלייך ווי די אוקראַאינישע פּעטלוראָווצעס פון די דאַמאָלסדיגע יאָרען. זיינע אויגען זיינען פול געוועזן מיט טרערען, ווען ער האָט געזאָגט דעם פסוק כי עליך הורגנו כל היום. נחשבנו כצאן טבחה. איבער דיר הרגעט מען אונז אַ גאַנצען טאָג, און מיר זיינען פאררעכענט ווי די שאָף צו דער שחיטה. וועק דיך אויף, פארוואָס שלאָפסטו, פארוואָס בעהאלסטו דיין געזיכט, און פארגעסט אין אונזער פּיין, איינגעבויגען צו דער ערד איז שוין אינזער קערפּער אין זעל. לאנג איז ער געשטאנען ביי די פסוקים, ער האָט געפילט דערין אַ סמיכת הפרשיות, אַן אָפּשפּיגלונג פון דעם וואָס הענגט איבער אים און אלע אידען פון זיין שטעטעל. איינער פון די דייטשע רוצחים איז צו אים אריינגעפאלען אין שטוב אריין מיט אַ ווילדע גזלנישע רציחה, ער האָט אים געטראָפען מיט דעם תהילימעל אין דער האַנט האָט ער עס אים ארויסגעריסען און אוועקגעשלײַדערט אויף דער ערד, און געשריגן: שמוציגער יודע הערוים. דער אומגליקליכער איד איז געעבליבען ווי פארשטיינערט אין טויט שרעק, ער האָט נישט געוואוסט וואָס איז אויף אים געפאלען, און וואָס ער וויל פון אים. ער האָט אים דערלאנגט מיט דער ביקס איבער דעם געזיכט עטליכע מאָל, ביז ער איז אַנידערגעפאלען אַ בעגאָסענער מיט בלוט. דאַן אים גענומען שלאָגען מיט די געטשוועקעטע שטיוועל, אים ארויסגעשטופּט אויף דער גאס. אַ צעבלוטיגטער מיט וואקעל-דיגע טריט האָט ער זיך דערנאָך געשלייכט צווישען דעם הייפעל אידען אין מארק אריין. דער תהילים וואָס האָט אים דערמוטיגט זיין לעבען האָט אים אויך באגלייט אין דעם לעצטען וועג. אין מארק האָט מען אלעמען באַזוכט, צוגענומען די זייגערס, מושטורירט, הענט אויף, הענט אָפּ, בעת וועלכע

די רוצחים האָבן זיך געקאָטשעט פאַר געלעכטער, געמאכט פאָטאָגראפיעס, און דערנאָך אויפגעזעצט אויף די אויטאָס, אַוועקגעפירט אונטער דער שטאט און דערשאָסן.

## קאַפּיטל 5

מנשה, דער פאָטער פון דעם דערמאָנטען משורר לייבטשע, האָט געוווינט אין אַ קליין הילצערנעם הייזעל, אין באָד געסעל. ער איז געווען אסך יאָרן דער איינציגער מצבה קריצער אין שטעטל. ארום אלע פיר ווענט פון זיין הייזעל, זענען שטענדיג געשטאנען אָנגעשפּארט מצבות, פון פארשידענע גרייס און קאָליר. אַ פרעמדער וואָס האָט זיך ווען פארבלאָנדזשעט אין דעם שטעטעל שפּעט ביינאַכט, האָט זיך געקענט דערשרעקן, אים האָט זיך געקענט פאַרשטעלן, אז דאָ שטייען אַ רייע פון מתים, אייגעהילטע אין תכריכים, מיט די טליתים איבער די קעפּ אָנגעשפּארט אין די ווענט זאָגען די שמונה עשרה. זיין אַרבייט האָט זיך גערימט אין גאנצען געגענט. אפילו פון די שכנות׳דיגע שטעטלעך, פלעגט מען ביי אים טיילמאָל באַשטעלען מצבות. די אותיות ווי געשליפענע, איבערגעפארבט מיט זילבער בראָנז, וואָס האָט צוגעצויגען די אויפמערקזאמקייט ביי יעדען דורכגייער. די אָדלערס, לייבען, מנורות, פארשפרייטע הענט, האָבען געצייגט אז דער מייסטער דערפון באזיצט אָן שום ספק אַ פונק פון אַ סקולפּטורער, וואָס איז איינגעשלאָפּען געוואָרען אין דעם קליינעם האָלצערנעם הייזעל, צוגלייך מיט אַנדערע טאָלאנטען פון דעם קליינעם שטעטעל, וואָס זיינען דאָרט פארגליווערט געוואָרען, און קיינמאָל נישט ארויפגעקומען אויף דער אויבערפלאך. צו דעם פאך פון מצבות קריצען, איז ער אויך געווען אַ מלמד, אַ פאך וועלכעס ער האָט איבערגענומען בירושה

פון זיין פאָטער און זיידען, די גרעסטע דרדק מלמדים פון שטעטל. דאָס וואָס ער האָט נישט דערעסען פון דעם מלמדות, איז ער נישט דערשלאָפען ביי די מצבות, צו וועלכע ער האָט געמוזט אויפשטיין פארטאָג, נאָך איידער די קינדער זיינען געקומען אין חדר אריין, און פערטיגען שפעט ביינאכט. פון די ביידע מלאכות האָט ער קוים צונויפגעשלעפט פרנסה, פאר זיין גרוים בני בית, אַ פרוי מיט פינף קינדער. זיין עלסטער זון איז געווען לייבטשע, פון וועלכען ער האָט געהאָפט צו האָבען גרוים נחת, געגלויבט אז פון אים וועט ארויסוואקסען אַ גרויסער מענש, ער וועט זיך נישט דארפען מאַטערען ביי די שטיינער און אָפרייסען די לונגען ביי די תלמידים. ער וואָלט זיך געווען דערוואַרט דערויף, ווען נישט די גרויזאמע דייטשע רוצחים, וואָס האָבען צושטערט און פארניכטעט די האָפנונגען צוזאמען מיט די לעבענס פון מיליאָנען אידען. לייבטשע ראָט איז געווען אַ שם דבר צווישען דער שטעטלישער יוגענט, אין די לעצטע צוויי יאָר פאר דעם קריג, דורך זיין שארפען מוח און גרויסען טאַ־לאנט. דאָס איז געווען אן איידעל אינגעל, פון מיטל וואוקס מיט אַ בלייך געזיכט. פון וועלכען עס האָבען ארויסגעקוקט שיינע, ברוין גלאנציגע אויגען, שטענדיג פארחלומט און פאר־טראכט, ווי אַ טיפע נאכט. טראָץ דעם וואָס זיין געזיכט איז געווען אָנגעפילט מיט זומער שפרענקעלעך, האָט עס געשיינט מיט דעם אידיש מיסטישען ספעצעפישען חן. אין דעם שמאָלען קעפעל איז געלגען באַהאַלטען אַ שארפזיניגער טיפער מוח, וועלכען אַלע האָבען באוואנדערט. די לערער פון דער שולע האָבען געזאָגט אויף אים ווען ער איז נישט קיין איד שיקען זיי אים אין די גימנאזיעס אויף זייערע הוצאות און עס וואָלט פון אים ארויסגעוואַקסען אַ פראָפעסאָר. די מלמדים האָבען געגלויבט ווען ער פאָרט אוועק אין אַ ישיבה אריין ווערט ער אַ גאון. דערצו האָט ער געהאַט אַ שטארק עמפינדליכע פילבארע נשמה, מיט פעאיגקייטען צום זינגען, און צו קונסט־

מאלעריי. אים האָט געצויגען אין גימנאַזיום אָדער אין דער קונסט שולע, נאָר דער וועג איז פאר אים געווען פארשלאָסען, אומדערגרייכבאר, ווי עפעס אַ חלום, אַ פאנטאזיע. זיין פאָטערס פארדינסטען, האָבען קוים געסטאיעט אויף עסען. נאָך דעם ווי ער האָט אויסגעלערענט די תורה פון די דינאָווער מלמדים. געענדיגט די שטעטישע זיבען קלאסען שולע, האָט ער זיך אויסגעלערענט בוכהאלטעריע אין דער האנדעלס שולע. צו ברויזענד איז געווען זיין נשמה, זיין טאַלאַנט, וועלכע האָבען אים נישט געלאָזט פארגליווערט ווערען אין דעם שלעפערדיגען שטעטל. ער האָט זיך געוואָרפען מיט זיין גאַנצען יוגענטליכען ברען אויף די צוויי ביבליאָטעקען, וואָס האָבען זיך געפונען אין שטעטעל, געלעזען אלע ביכער וואָס זענען אים געקומען אונטער די האנט. בעלעטריסטישע, וויסענשאפטליכע און זאָגאר זיך נישט פערדאָרבען דעם מאָגען מיט א פילאָזאָפיש ווערק, די שיינע ליטעראַטור האָט אים אויפגעהויבען פון גרויען טאָגטעגליכען לעבען און אים אריינגעפירט אין אַ פיל שענערע ראָמאַנטישע וועלט. אַ וועלט אַ שטורעמדיגע, אַ ברויזענדיגע ווי די כוואלים פון דעם אָקעאַן. די מענשען זיינען אין גרעסטען טייל העלדען ווי פון שטיין געהאַמערט, שיין ווי פאַלמען בוימער זייער ווילען זייער באַגער איז מעכטיג ווי דער ווינט פון ים. זייער וואוינונג זיינען די פרעכטיגע פאלאצען, אָנגעפילט מיט לוקסוס. ער האָט געוואונדערט צוזאַמען מיט זיינע דיכטער איבער די קעניגליכע הויפען, צווישען די פרינצען און הערשער, ארומגערינגעלט מיט שקלאַפען,פון די אור אלטער אנטיטשנער צייט, ביז די סאַמע לעעצטע צייטען. ער האָט זיך באקענט כמעט מיט אלע אייראָפעאישע פעלקער דורך זייער ליטעראטור, קונסטליכע שאפונגען און וויסענשאפטליכע דערגרייכונגען. ער האָט געשעצט די ענגלענדער דאָס פאָלק פון שעקספיר, לאָרד בייראָן און אָועלס. פארערט די פראַנצויזען דורך זייערע בארימטע פרייהייטס קעמפער, פילאָסאָפען און דיכטער.

מיט ענטוזיאזם האָט ער גערעד פון די איטאַליענער, דאָס פאלק פון מיקעל אנדזשעלא, און ראפאעל, אַ פאָלק פול מיט קונסט און געניאַליטעט. פאַר די דייטשע קינסטלער און דענקער, וויסענשאַפטלער און פּאָעטען איז ער געשטאַנען מיט ערע, גערעט פון זיי מיט גלאַנציגע אויגען פול מיט בעגייסטערונג, איבער דעם פּאָלק וואָס האָט אזוי פיל געשאַפען און געלייסטעט פאַר דעם וואוילזיין פון דער מענשהייט אויף אלע געביטען. ער איז געווען אנטציקט פון דער פוילישער גלות ליטעראַטור, די טרויער לידער פון אדאם מיצקעוויטש וועלכע ער האָט כמעט געדענקט אויסענווענדיג נאָך פון דער שולע, פלעגען אים רירען דאָס האַרץ. די באַרימטע ווערק פון הענריק שענקעוויטש זיינען געווען פון זיין ליבלינגס ליטעראַטור. אדאַנק זיי האָט ער פאַרערט דאָס העלדישקייט און פאַטריאָטישקייט פון די פּאָלאקען. ער האָט אדורכגעלעזען אַ מאַסע אידישע און העברעאישע ביכער. זיי האָבען אָבער ביי אים פאַרנומען אַ קליין מאָגער ווינקעל אין מוח, אויף וועלכען ער האָט נישט געלייגט קיין אכט. שוואך און ארעם אין שפּראַך און אינהאלט האָבען אים אויסגעוויזען די נאַקעטע קבצנים פון קאַבצאַנסק און כתריאַליווקע, די שדכנים און מעקלערס פון קאַזע דאַיאַווקע. אַ טייל פון זיי האָט ער זעלבסט געקענט און געזען אין שטעטל אָן די ביכער. אפילו די קלאַסישע ווערק, דערצעלונגען און פּאָעמים וואָס האָבען זיך נישט געהאַט צו שעמען פאַר אַנדערע האָבען אים אויך נישט איבעראַשט. ער האָט זיי געהאַלטען פאַר אָרימע ברעקלעך אַ קעגען די רייך סערווירטע טישען. עס האָט אין איר געפעלט דאָס געזאַנג פון דער נאַטור. דאָס רוישען פון די אור וועלדער, און ענדלאָזע פעלדער. ער האָט איר געזען אַ נאַקעטע ווי דער אמת אליין, אבגעגאָסענע מיט טרערען און בלוט פון שחיטות און פּאָגראָמען. ער האָט עס פאַררעכענט צו דער פאַרשטויבטער פאַרגאַנגענהייט, וואָס קען זיך נישט איבערחזרען צווישען די היינטיגע קולטורעלע

פעלקער. אַ גאַנץ שוואַכע ידיעה האָט ער געהאַט פון דעם הייליגען ספר הספרים, דעם תנ"ך. אים האָט נאָר אינטערע־סירט די מאָדערנע קולטור און ציוויליזאַציע פון וועלכע ער איז אינגאַנצען געוואָרען פאַרשיכורט. געלעכצט אַריינצודרינגען וואָס טיפער אין איר און דאָמיט אָנזעטיגען דעם דורשט פון זיין נשמה. מיט אַ באַזונדערען חשק האָט ער אדוירכגעלעזען די געפרייזטע ווערק. צוויי מאָל האָט ער אדוירכגעלעזען „רוכו טיקי" פון קיפּלינגען. ער האָט געשפּירט אַ חיות פון דעם דזשאַנגעל, דאָס פּראַכטפולע לעבען פון די חיות און פייגעל, אויף דעם שוים פון דער בראשיתדיגער ווילדער נאַטור. עס האָט אים נאָר אויסגעוויזען איבערטריבען און אומפאַרשטענ־דלעך, די סצענע מיט דעם אינגעל וואָס האָט זיך אַ צייט געהאָדעוועט צווישען די וועלף, ווען ער געזעגענט זיך מיט אַ שווער הארץ מיט זיינע פיר פיסיגע גוטע פריינט, עס איז געקומען די צייט אריבער צוגיין צו דער פאַרדאָרבענער וועלט וואָס הייסט: מענשען. ער האָט געפילט אַ שווערע באַליידיגונג פאַר זיין ראָמאַנטישע אחרית הימים׳דיגע וועלט, פאַר זיינע העלדען, קינסטלער און קולטור טרעגער. אים האָט זיך אויס־געדאַכט אז דאָס לעבען איז אַ שיינע קאָמפּאָזיציע, עס זינגט די נאַטור, די בוימער, די חיות פון וואלד, צווישען אלעמען איז דער מענש דער דיריגענט, דער געקרוינטער העלד פון דער גאנצער קאָמפּאָזיציע. אין מכבי, אין יוגענט פאראיינען איז ער זעלטען געקומען. מיט ארץ ישראל האָט ער זיך ווייניג אינטערעסירט, עס איז אים נישט געווען צום הארצען די אידעע איבערצולאָזען די קולטורעלע און ציוויליזירטע אייראָפּע און זיך באַזעצען אויף די פוסטע, זאַמדיגע פעלדער, אָפּגעזונ־דערט פון אלעמען. אין די פּרעכטיגע זומער טעג האָט ער ליב געהאַט צו פאַרברענגען איינער אליין מיט אַ בוך ביי דעם ברעג פון סאַן, צו אָבסערווירען דעם וואונדערליכען פּייזאַזש פון אַרום. די געל גאָלדענע זאַנגען וואָס האָבען זיך געפּאַלעט ווי אַן

אומרואיגער ים, די פלאַמענדיגע רויטע רויזען וואָס האָבען ארויסגעלאָכטען פון אלע זייטען ווי רויטע סיגנאליזירענדע לעמפעלעך. צו געהאָרכט זיך צו דעם שפיל פון די פעלד קאָניקעס, צו דעם פרייליכען פויגעל געזאַנג, שטילען וואסער געפליסטער, אין גערויש פון בוימער, וועלכעס איז געווען אין זיינע אוירען, ווי אַ געניאַלע בעטהאָווען סימפאָניע. דאמאָלס האָט זיך אויך צושפּילט זיין מוזע צו מאָלען און צייכענען אַ טייל פון דעם געזאַנג אויף דעם פּאַפּיר. ביי אים אין שטוב איז שוין לעצטענס געווען, אַ מין קאָלעקציע פון פאַרשידענע בילדער, אין וועלכע עס האָט זיך ארויסגעוויזען דער אָנהויב פון זיין בליענדען טאַלאַנט. אַ שטאַרקען איינדרוק האָט געמאכט זיין בילד פון די בערג ארום דעם שטעטל. אָבסערווירענדיג דאָס בילד האָט מען געקענט פארגעסען, אז מען שטעהט אין דעם נידריגען האָל־צערנעם הייזעל, מיט די ארומגעשטעלטע מצבות, וואָס ברענגען אריין אַ מרה שחורה אין הארץ פון די דוירכגייער. מען האָט דערזען און דערשפירט דאָס געזאַנג פון דער נאַטור ווי ביי אן אמתן קינסטלער. אַ פערכישופטער מאָמענט, פון עפּעס אַ בענגליכען חלום. די זון קוים אַ באַדעקטע מיט רויט באַגילדעטע וואָלקענדלעך, דער וואלד אויף דעם משופּעדיקען בארדקיווקער בארג, האָט זיך אויסגעדאכט אז ער ברענט אינגאנצען פון די לעצטע רויטליכע זון שטראלען. צופיסנס אים פלאַנטערט זיך דער סאַן, און אַ פּרעכטיגער הערש מיט ברייט צעצווייגטע הערנער טרינקט פון זיינע קלאָרע וואסערען. נישט פון קיין קלענער ווערט איז געווען דאָס צווייטע בילד זיינס, וועלכעס האָט אָפּגעשפּיגעלט צוויי קאָנטראַסטען. די שטעטישע צערקווע. דעם טורעם מיט דעם דאך אין געשטאלט פון אן איבערגעקערטע ציבעלע מיט דעם גלאַנציגען מעשענעם קופּאל וואָס שנייד זיך מיט חוצפּה אין הימעל אריין. דערנעבען דאָס אַלטע אידישע בית־הקברות מיט דעם נידריגען, קוים אָנזעעוודיגען אוהל, וואָס איז אויסבאהאלטען אונטער אַ הויכע

ווערבע, אויף וועלכען עס איז געווען אויסגעשפרייט אַ האַרציגע אומעטיקייט און בענקשאַפט ווי עס וואָלט געוועד צום האַרץ. נאַרישער מענש, נישט מיט קיין חוצפה׳דיגער גאוה פון רייסען זיך צו די הימלען, וועסטו דערגרייכען די סודות פון דער וועלט. דו וועסט דאן האָבען דעם זעלבען סוף ווי דער דור הפלגה אויף דעם שפּיץ טורעם. וועט איינער נישט פאַר־שטעהן דעם צווייטענס שפּראַך, און אַלע צוזאַמען וועלען זיך זעלבסט נישט פאַרשטעהן, פּוסט וועט זיין אַרום און אַרום. גיב אַ קוק אויף דעם אַלטען, מיט מעך באַוואַקסענעם אוהל, וואָס שטעהט איינזאַם אין שאָטען פון דער ווערבע, אַרומגערונגעלט מיט אַלטע צעבראָכענע מצבות, זעץ זיך אַוועק דערנעבען און גיב אַ טראַכט איבער אַלעמען, כאַפּ אַ בליק אויף די האַלב אָפּגעריבענע אותיות פון די חרובדיגע מצבות.. אויף איינעם וועסטו לייענען איש תם וישר, נהנה מיגיע כפּו, איין ערלעכער מענש, געלעבט פון זיין אַרבייט. אויף דעם צווייטען: מפּתו נתן לאביונים, פון זיין ברויט האָט ער פאַרטיילט צו אָרימעלייט. אויף אַ דריטען: כל ימיו עסק ועמל בתורה, אַלע טעג געלערענט תורה, לדעת דרכי ד׳ צו דערגיין די געטליכע וועגען. דאַמאָלסט וועסטו אָנהויבען צו פאַרשטעהן די ג־טליכע סודות פון דער וועלט, פון לעבען און טויט. די צוויי בילדער האָבער געשמ״ט אין שטעטל. מען האָט אים געוואָלט געבען צו פינף און צוואַנציג זלאָטעס. נאָר ער האָט זיך נישט געאיילט זיי צו פאַרקויפען. ער האָט אויך געהאָט אָנגעשריבען עטליכע קלענערע בילדער. דניאל אין לייבען גרוב. אַ מאָטיוו פון אדאם מיצקעוויטש, פאַן טוואַרדאָווסקי, וואָס האָט פאַר קויפט זיין נשמה. לעצטענס האָט ער אָפּטער פאַרדינט אַ פּאָר זלאָטעס ביי די דעקאָראַציעס, געמאַכט בילדער פון פּילסודסקין און רידז שמיגלי, וועלכע די קריסטען האָבען ביי אים גערען געקויפט. אפילו די גמינע האָט ביי אים געקויפט אַ זעלכע צוויי בילדער און אַרויסגעהאָנגען אין זאַל. איבער אים איז איינמאָל אויס־

געקומען אַ וויכוח צווישען די ראַדניקעס, אַ טייל האָבען געהאַלטען אז מען דאַרף אים שיקען אויף די קאָסטען פון דער גמינע, אין אַ קונסט שולע אריין. פאַרשטעהט זיך אז דער באַשלוס איז געווען אים נישט צו שיקען. ער איז דאָך אַ איד. אים דאַרף שיקען דאָס אידישע קהל. און פון וואַנען זאָל נעמען דער אָרימער קהל געלד אויף אַ זעלכע זאַכען. פון דעם קליינעם שחיטה איינקונפט? עס האָט קוים געסטייעט פאַר דעם שוחט, רב און דיינים. צו רעמאָנטירען דאָס באָד, אַ פאַרקען ארום דעם בית הקברות, די קאָזעס זאָלען נישט ארומשפּרינגען אויף די קברים. אַ הקדש אוים צו ריכטען. עס איז נישט געוועען קיין געלד אויף אַ זעלכע זאַכען. ער וועט אזוי אויך קענען זיין אַ מצבה קריצער און אַ מלמד אָן אַ קונסט שולע. נישט קוקענדיג דאַרויף איז ער ביי זיך נישט געפאַלען, לאַנגזאַם פאַר־געזעצט ווייטער זיין ארבייט, און געהאָפט מיט אייגענע כוחות סוף כל סוף זיך צו דערשלאָגען דערצו. ווייטער געלעזען זיינע ביכער, און געחלומט פון דער שעהנער גליקליכער וועלט.

### קאַפּיטל 6

## רצחתה וגם ירשתה.

אין צווייטען טאָג ראש-השנה, ווען לייבטשע ראָט איז געזעסען ביים טיש צוזאַמען מיט זיין פאַטער, נאָר וואָס געענדיגט די סעודה, אָנגעהויבען צו זאָגען ברכת המזון, האָט זיך די טיר האַסטיג געעפענט. אין ס.ס. באַנדיט איז אריינגעפאַלען אין שטוב אריין ווי אַ דונער, מיט פאַרשאַרצטע ארבעל ווי אַ קאַלער אין שעכטהויז, און מיט אַ רציחה געשריגען: שמוציגע יודען הערוים!ביידע זענען געבליבען ווי פאַר־שטיינערט, נישט געוואוסט וואָס איז אויף זיי געפאַלען.

דערווייל האָט דער באַנדיט דערזען די קונסט בילדער אויף דער וואַנט, איז ער געבליבן שטיין אַ מינוט אַ פאַרטראַכטער און נישט געקענט אַוועקרייסן זיינע חי'שע אויגען. אליין איז ער געווען אַ מאָלער אַ סטודענט פון אַ קונסט שולע און אָפּגעשאַצט די ווערט פון די בילדער. האָט ער זיי באַלד אַראָפּ־גענומען פון דער וואַנט, געטראַכט זיך, זיי וועלען אים ווען צוניץ קומען. ער וועט זיי פאַרשטעלען אלס זיינע שאַפונגען. דניאל אין לייבען גרוב איז אים פאַרגעקומען אַ גוט בילד פאַר דעם שטירמער, ער וועט צושרייבען אמאל האָט מען געוואָרפען די אידען צו די לייבען און היינט וואַרפען מיר זיי צו די הינט. באַזונדער איז אים געפעלען דאָס בילד פון פאַן טוואַרדאָווסקי, דער געשפּרעך מיט דעם טייוועל. עס האָט אים אויסגעוויזען זער פאַסיג צו געטע'ס פאוסט. לייבטשע איז געשטאַנען אַ בלייכער, אַ צעחושחטער, זעענדיג ווי דער באַנדיט רויבט צו זיין לאַנגיעריגע אַרבייט, וועלכעס איז זיין גאַנצער אוצר, ווי מען זאָל אים אויסרייסען אַ שטיק פלייש. אַ פּסיכאָלאָגיש רעטעניש איז דאָס דייטשע מערדער פאָלק. זיין קאַלט בלוטיגער סאַדיזם, און שטאָלענע נערוועז. אפילו דאמאָלס ווען ער באַפאַלט זיין קרבן ווי אַ בלוטדורש־טיגער טיגער,פאַרגעסט ער אויך נישט אין דער קונסט. ביי דעעם צאַפּעלדיגען קרבן, האָט ער שוין אויסגערעכענט פּונקטליך די פּראָפיטען און האַנאָר וואָס די בילדער וועלען אים ברענגען. ער וועט זיי אויסהענגען אין זיין שעהנע ווילע, אויף דעם גאַנעק, צווישען גרינס און הערשען הערנער. זיינע מערדערישע אויגען וועלען האָבען גענוס צו אָבסערווירען די בילדער, פון דעם אומגליקליכען מאָלער, וועמענס הארץ ער האָט אליין דורכגעלעכערט מיט זיינע באַרבאַרישע הענט. די בילדער האָבען אָבער נאָך נישט באַפרידיגט זיין רויב לוסט, ער האָט געזוכט צירונג, אַ גאָלדענעם זייגער פאַר זיין פאַרשאָלטען פריילײן צו דער חתונה. נישט געפונענדיג איז ער

אריין נאָך אין אגרעסערע רציחה, און אראָפּגעריסען די אוירינג מיט דעם פינגערל ביי לייבטשעס מוטער אוןביידע גענומען שלאָגען מיט דער ביקס און ארויסגעטריבען פון שטוב, מיט צינישע זלזולים, איר זענט קינסטלער, סקולפּטורער און קונסט מאלער, מיר וועלען אייך שיקען דאָרט אהין ווי מיר שיקען אלע אידישע קינסטלער און געלערענטע. איר שמוציגע אידען ברויכט מער קיין קונסט, איר האָט זי גענוגט באשמוצט. ער האָט זיי אָפּגעפירט אין מארק אריין דאָרט האָט זיך ערשט אנגעהויבען פאר זיי די גיהנום ליידען, מושטרעס, רעוויזיעס, אונטער אמבול פון קלעפּ. דערנאָך האָט מען זיי אויסגעשטעלט אין רייען, אָן ערך פון הונדערט מאן, פרעמדע און שטעטישע, אָן די היטלען און זיי אדורכגעפירט איבער דעם שטעטל אין אַ שאַנד מאַרש.

פולאיידעלער און בארעמהערציגער זיינען געווען די גויאישע שכנים פון דעם אלטען יהודה. וועלכע האָבען געקלאָגט און פארבראָכען די הענט, צוזעענדיג זיך צו דעם גרויסען אידישען חורבן, איכה ב׳ ספקו עליך כפים כל עוברי דרך, שרקו ויניעו ראשם על בת ירושלים. שענדליך האָבען זיך באצויגען באלד פון דעם ערשטען מאָמענט אָן, די פּאָלאקען און די אוקראאינער, די געצערטעלטע שעפעלעך פון דער רוימישער און גריכישער קירכע, די שעפאלעך האָבען באלד ארויסגעוויזען זייערע וועלפישע ציין. אלע האָבען זיך אויסגעשטעלט אויף די טראַ־טואַרעז, און מיט פרייד און חוזק, זיך צוגעקוקט צו דער שענדליכער דעפילאדע, נאכגעשריגען צינישע ווערטער: אַ גדזשע ריבי? אַ גדזשע חאלי? ווי זענען די פיש? און ווי די חלות? זיך געריבען די הענט פאר פרייד, מען געהט איצט די אידען אויסטערענקען אין דעם סאן, דאָרט וועלען זיי שוין האָבען גרויסע פיש. די פוילישע אידען וועלען עס קיינמאָל נישט פארגעסען, מיט בלוטיגע אותיות איז עס פארצייכענט

אין דעם אידישען ספר הזכרונות. אן אייביגער שאנד פלעק וועט עס בלייבען אויף דעם פארשווארצטען שטערן פון די פּאָלאקען און אוקראינער. אין דעם גרויסען ג־טליכען „יום הדין" ווען די דייטשע מערדער פון קליין ביז גרויס וועלען דארפען אָפּגעבען אַ דין וחשבון פאַר זייערע גרוילכע מעשים וועלען אויך די פּאָלאקען און אוקראינער זיצען גלייך מיט זיי אויף דער באשולדיגונגס־באנק. דער שאנד מארש איז גלייכצייטיג געווען דער טראגישער לעצטער וועג פון די אומגליקליכע. אַ לויה־צוג פון די קרבנות אליין.

לייבטשע ראָט איז געגאנגען צוזאמען מיט זיין פאטער, אַ טויט בלייכער מיט אַן אראָפּגעלאָזטען קאָפּ. ער האָט זיך געשעמט צו קוקען, אויף די הייזער און טראטוארען, כדי זיך נישט צונויפטרעפען מיט די חוזקדיגע בליקען פון די גוים, צווישען וועלכע ער האָט אויך דערזען אַ סך פון זיינע שול חברים, וועלכע ער פלעגט אָפט העלפען מאכען די אויפגאַבעס. דאָס קרעכצען פון זיין פאטער, ווען דאָס הארץ האָט באלד פאַרגעזאָגט עפּעס שרעקליכעס און טראגישעס, האָט אים אויפגעשווידערט. ער האָט מיטאמאל דערשפירט דאָס שוואכקייט און הילפלאָזיגקייט פון דעם איד. איצט האָט ער שוין פאַר־שטאנען די באדייטונג פון די ווערטער: נחשבנו כצאן לטבח יובל, וואָס ער פלעגט שנעל אדורכזאָגען ביים דאַווענען, נישט אָפּגעבענדיג זיך קיינמאָל דערפון קיין דין וחשבון. זיינע ביז איצטיגע אילוזיעס, דער כשוף־ראָד פון דער שעהנער ראָמאנטישער וועלט איז זיך צעפלויגען אויף דעם וועג, ווי אַ שעהנער חלום פאר דער גרויזאמער ווירקליכקייט. די פּאַר מינוטען האָבען אים מער איבערצייגט ווי די אומצאָליגע פסיכאלאָגישע ביכער פון דער אייראָפּעאישער און אידישער ליטעראטור, במשך גאנצע יאָרען. קנאהדיגע בליקען האָט ער געוואָרפען אויף די טעלעגראף דראָטען, אויף וועלכע עס האָבען

זיך געזאַמעלט מאַסען שוועלבאַלעך פאַר זייער ווינטערדיגען אַפּפּלי. ווי גליקליך וואָלט ער געווען, ווען ער קען אויך אוועק־פליען צוזאַמען מיט די פויגעל אין די וואַרימע לענדער, צו אַנטלויפען פון די באַנדיטען. דאַמאַלס איז אים אויך קלאַר געוואָרען די ווערטער פון קיפּלינג: עס איז פיעל שענער צו לעבען אין דשזאַנגעל צוזאַמען מיט די חיות און פייגעל, אויף דער שוים פון דער פרייער ג־טגעבענשטער נאַטור ווי צווישען די פאַרדאַרבענע גרויזאַמע חיות וואָס רופען זיך מענשען. ווען מען האָט זיי אַדוירכגעפירט נעבען אַלטען בית הקברות און ער האָט דערזען פון דערווייטענס דאָס אַלטע אוהל, די הויכע סאָסנעס וואָס האָבען אַרומגערינגעלט דם קוועלעכעל, די רויטליכע פורפור וואַלקענדלעך וואָס האָבען זיך אויסגעשפּרייט אויף די ווייטע בערג ווי בלאַנקענדע, האָט אים דאָס האַרץ אויפגעציטערט. אויף דעם אָרט פלעגט ער פאַרברענגען אַסך גליקליכע שעהן, אַליין מיט זיין מוזע, ביי די ביכער און צייכנונגען, בעת ער האָט געפערטיגט דאָס לעצטע בילד, וואָס דער באַנדיט האָט נאָר וואָס ביי אים צוגערויבט, און פירט אים וועך ווייס וואו אהין. נאָכדעם ווי די זיסע חלומות זיינען און אילוזיעס זיינען צורונען געוואָרען, האָט ער מיטאַמאָל דערשפּירט מיט זיין עמפינדליכע און פילבאַרער נשמה דעם גאַנצען טראַגיזם און אידישען אומגליק מער פון אַלע. זיין אַנטוישונג איז געווען שמערצליכער און טיפער ווי ביי אַלע, אין זיין אינגען מוח זיינען פלוצלינג אויפגעשווימען די שרעקליכסטע פּאָגראָם־בילדער פון דער אידיש־העברעאישער ליטעראַטור. דאָס אַלעס וואָס האָט אים פריער וויינינג אינטערע־סירט איז אים פלוצים געשטאַנען ווי אַ נאַקעטע גרויזאַמע ווירקליכקייט. די ווערטער פון ביאַליק אין „בעיר ההריגה" וברבבות חצי זהב יפלח השמש כבדך, ושפע קרנים מכל רסים זכוכית תשמחנה לאידך, כי קרא ד' לאביב ולטבח גם יחד, השמש זרחה, השיטה פרחה והשוחט שחט. די זון וועט דיר מיט

שפּיזען אויסשטעכען דיינע אויגען, אקאציעס מיט פרישע גרינס וועלען דיך סמ׳ען מיטן ריח פון בלוט און בלוטען. דיין קאָפּ מיט בלימאלעך און פעדערען באַשיטען. און שטיקלעך גלאָז פון מיטען גאַס מיט טויזענט גלאַנצען, וועלען דיר אקעגען אויף דיין בייז וואונדער, טנצען. דען ג־ט האָט דיר אראָפּגעשיקט א צווילינג, אַ שחיטה מיט אַ פרילינג.

די באנדיטען האָבען זיי אַוועקגעפירט אַ שטיק וועג נאָך דעם בית־הקברות צום שזאַראָוויעץ וועלדעל וואָס ליגט ביי דעם ברעג פון סאן. דאָרט האָבען שוין געוואַרט אויף זיי אַ גאנצער אָפּטיילונג רוצחים מיט ביקסען און אויטאָמאַטען. צווישען די אומגליקליכע קרבנות איז געוואָרען אַ שרעקליכע בהלה מיט ספּאזמען, דערזעענדיג דעם גרויזאמען טויט פאר די אויגען אין געציילטע רגעים. טייל האָבען געזאָגט ודוי. אַ טייל האָבען געפּריווט צו אנטלויפען אין דער ריכטונג פון סאן. אַ גרויזאמע סאלווא האָט אָפּגעהילעכט אין וואלד ווי אַ דונער קנאַל. הונדערט אידען, פול מיט לעבען און ענערגיע, זיינען מיטאמאל געפאלען טויט, ווי אונטערגעזעגטע בוימער. א גאנצע נאכמיטאג האָבען זיי צונויפגעשלעפּט די קרבנות, און דערשאָסען אין די ארומיגע וועלדער. אין שטאָט האָט קיינער ניט געוואוסט וואוהין מען פירט זיי. אלע זענען געווען איבערצייגט אז מען פירט זיי אויף עפּעס אן ארבייט ביי דעם שאָסע. עס איז אויך געווען פאלען ווי מענער האָבען זיך אליין געמאָלדען, אָדער די פרויען האָבען זיי געשיקט, מורא האָבענדיג אז מען וועט זיי טרעפען זיך אויסבאהאָלטען וועט זיין ערגער. נאר פון צוויי קרבנות איז מען באלד געוואויר געוואָרען. דוד רייכמאַן אַן אַכצען יאָריג אינגעל מיט זיין שטיף פאָטער מרדכי בעקערס, וועלכע די סאדיסטען האָבען דערשאָסען אונטער דער קירכע פאר מכלומרשט נישט וועלען גיין צו דער ארבייט. אַ גרופּע פון זעכציג מאן צווישען זיי אויך דער שרייבער פון די שורות נאָך דעם חיבוט הקבר פון מארק און אַ מאַרש איבער דעם

שטעטעל, האָט מען צוגעפירט צו דער שולע, אויסגעשטעלט אין אַ רייע און פאַרשריבען די נעמען. דער עלצטער פון די באנדיטען, אַ בלאָנדהאָריגער אַריער חיה, האָט אונאויפהערליך געקריצט מיט זיינע הינט ענליכע קליעס, דעמאָנסטרירענדיג פאַר אלע, זיין ריין בלוטיגען אריער חיה׳שען אינסטינקט. ווען איך האָב יעצט ביי מיר דאָס מאשין געווער, זאָ ערשים איך זיי אלע, האָט ער זיך גערימט פאַר זיין קאָמפּאניע קאניבאלען. די אומגליקליכע קרבנות זיינען געשטאנען און געציטערט, ווי די שעפּעלעך אין שעכטהויז, דאמאלס ווען די קאלערס שארפען אויף זיי די מעסערס. די זעכציג מאן האָבען זיי צעטיילט אויף צוויי גרופּען. איינע האָבען זיי געגעבען פרעהם באַפעל צו ברענגען ביז צוויי שעה שטרוי, עס גייט זיי נישט אָן פון וואנען. פונקט דערביי איז צוגעקומען מעניע אינטראַטער און געהייסען שיקען צו זיך די אויטאָס וועט ער זיי געבען שטרוי. די צווייטע גרופּע האָבען זיי געשיקט אהיים ברענגען קאנען מיט בעזעמעס, און אויסרייניגען די שולע, איבערטראַגען די בענק, דער וואס וועט נישט צוריקקומען וועלען זיי מיטן רעוואָלווער ברענגען. ליידער זענען אלע צוריקגעקומען צו דער שחיטה, אוים מורא פאַר די מורא.

ביינאַכט, ווען די דערשראָקענע אַרבייטער זיינען געלאָפען אראָפּ און ארויף מיט די שווערע טישען און בענק, אונטער אַ מבול פון קלעפּ און צינישע זלזולים, איז געשטאַנען אָפּ־געזונדערט אין אַ ווינקעל, מיט דעם פּנים צו דער מזרח וואנט, הערשעלע רעדימער, אַ פרומער בטלנותדיגער איגנגערמאן מיט אַ לאַנגע בלאָנדע באָרד, וועלכער איז גאנצע טעג אָפּגע־זעסען אין בית־המדרש ביי דעם חק״ל און משניות. ווען די באנדיטען האָבען אים געהייסען טראָגען די שווערע בענק, האָט ער זיי געוויזען דאָס ער איז געבראָכען און קען נישט טראגען קיין שווערע משא, האָבען זיי אים צעשלאָגען און

צעבלוטיגט און אוועקגעשטעלט אין אַ ווינקעל. ער האָט געשפּירט זיין נאענטען סוף און זיך צוגעגרייט צו קומען מיט אַ ריינע נשמה פאר דעם אלמעכטיגען, געזאָגט דעם ודוי הגדול לרבנו יונה, וואָס ער פלעגט זאָגען אלע ערב ראש חודש. ביי יום כפור קטן, געגאָסען מיט טרערען און זיך געקלאַפּט אין הארץ אריין, אויסרעכענדיג אלע שווערע חטאים, גנבה, גזילה, רציחה, פון וועלכע ער האָט אפילו נישט געחלומט. אזוי איז שוין פון שטענדיג אָן, דער טראגישער גורל פון דעם איד, אז ער זאָגט שטענדיג ודוי און טוט תשובה אויף די זינד פון זיינע מערדער, וועלכע האָבען קיינמאָל נישט קיין חרטה און בעטען נישט קיין פערצייהונג אויף זייערע גרויזאמע זינד. שפּעט ביינאכט האָבען זיי אים אוועקגעפירט מיט אַ גרופּע אידען און דערשאָסען אויף דעם ליבנער בארג. ינקום ד׳ נקמת דם עבדיו השפוך.

מעניא אינטראטער האָבען זיי אויך אוועקגעשטעלט אין אַ ווינקעל און אים געזאָלט דערשיסען, אַ דאַנק פאר דעם שטרוי וואס ער האָט זיי געשיקט, נאָר עפּעס אַ זכות איז אים בייגעשטאנען אין דעם מאָמענט, זיי האָבען זיך איבערגערע־כענט אז ער קען זיי נאָך נוצען ברענגען, האָבען זיי אים אָפּגעלאָזט אהיים. שפּעט ביינאַכט האָבען זיי צונויפגעטריבען די אלע ארבייטער פון דער שולע אין א גרויס זאל אריין, און אָנגעהויבען מיט זיי זיך אונטערהאלטען אויף זייער סאַ־דיסטישען שטייגער, געפרעגט ווער עס וויל פאָרען באלד קיין פאלעסטינע. ווען עטליכע אינגעלייט האָבען זיך געמאָלדען, האָבען זיי גלייך אוועקגעפירט און דערשאָסען. שפּעטער האָבען זיי געפרעגט ווער עס וויל פאָרען אין אנדערע לענדער און זעענדיג אז קיינער מעלדעט זיך נישט, האָבען זיי אליין ארויס־גענומען עטליכע מענער פון דער רייע און אוועקגעפירט. דערנאָך האָבען זיי ארויסגענימען יעדען פינפטען פון דער רייע

און אוועקגעפירט. דער בלוטיגער שפיל האָט געדוירט ביז צוועלף אַ זייגער ביינאכט, ווען עס איז נישט געבליבן נאָר פופצען מענער. נאָך אַ באַראַטונג האָבן זיי באַשלאָסן דאָס רעשטעל אהיימשיקען.

די רוצחים האָבן זיך נישט באַגנוגענט מיט דעם טייך אידישען בלוט פון דריי הונדערט קרבנות, זיי האָבן זיך אויך געגוויטיגט אין אַ שייטער הויפען, כדי צו שטילען זייער ווילדען טייוולאַנישען סאדיזם, האָבן זיי באַשלאָסן צו פאַר־ברענגען די שוהל, דאָס הייליגע הויז פון שטעטל. דאָרט ווי אידען פלעגען אויסגיסען זייערע פארביטערטע הערצער אין מאמענט פון ליידען, און זיך משמח געווען אין ווייניגע מאָמענטען פון פריידען. דאָס אָרט ווי די ווענט האָבן אין זיך געהאַט אַ קדושה, און אויף אַ יעדען שטיין איז געווען אויסגעקריצט פסוקים פון דער ג־טליכער לערע, האָבן די וואנדאלען פארוואנדעלט אין אַ שייטער הויפען, מיט מענשליכע קרבנות. צום ערשט האָבן זיי געשענדעט די ספרי תורות, דעם ג־טליכען ספר הספרים, און איינציגען אידישען אוצר זייט דריי טויזענט יאָר, וואָס האָט ארויסגעפירט די גאנצע מענשהייט פון דער פינסטערניש פון חיה'שער פעל, און איס געלערענט די ערהאבענע לערע פון אחדות הבורא, פון יושר, עטיק, הומאניזם. ואהבת לרעך כמוך, ואהבתם את הגר, האָבען זיי גרויזאם געשליידערט אויף דער ערד, אויסגעשפרייט איבער דער גאנצער לענג פון געסעל, פון ראובן אשרם הויז ביז פנחס גראָס, מיט דעם כתב ארויף, פון ביידע זייטען ארויפ־געלייגט שטיינער און אוועקגעשטעלט צוויי באנדיטען מיט ביקסען גרייט צו שיסען ווער עס וועט זיך וואגען אויפהייבען. אַ שוידערלעך בילד איז דאָס געווען פאר די אידען וואס האָבען עס געזען דורך די שפּארעס פון די פענסטער. די וואונדערליכע שווארצע קאנטיגע אותיות האָבען אויסגעזען ווי טויזענטער

דערשראָקענע אויגען פון די אומצאָליגע נשמות, וואָס זענען אין משך פון הונדערט דורות דערצויגען געוואָרען דורך זיי. אין דעם אָוונט האָבען די וואנדאלען פארשעמט די גאנצע מענשהייט, צו וועלכע זיי האָבען זיך ביז דאמאָלס גערעכענט אלס משפחה. אראָפּ געריסען פון זיך דעם צלם אלקים, דאָס געטליכע געשטאלט און צוריק זיך אָנגעקליידעט אין דעם חיה׳שען, פון זייערע אור זיידעס די ווילדע בלוטדורשטיגע גערמאניער, פאר וועלכע דאָס בלוט פארגיסונג, דער קין מאָרד איז געווען דאָס גרעסטע פארגעניגען, און דער שייטער־הויפען מיט מענשליכע קרבנות אן אידעע.

עטליכע שעה האָבען זיי געארבייט ביי דער שוהל און נישט געקענט זי אונטערצונדען, ווי די רוימער דעם בית המקדש, ביז זיי האָבען צונויפגעטראָגען די ספרים, תנכ״ן שס״ן פון בית־המדרש אין קלויז און אויף די פאפירען ארויפגעווארפען א צינד באָמבע. אין פארלויף פון א קורצער צייט איז שוין דער גאנצער בנין געשטאָנען אין פלאמען. די פייערדיגע צינגען האָבען זיך געריסען אין דער הויך, פארלויכטען דאָס גאָנצע שטעטל, דעם ארומיגען האָריזאָנט מיט א רויטע ליכט, וואָס האָט אָנגעוואָרפען א שרעק און גרויל אויף א יעדען.

## מחוץ תשכל חרב ומחדרים אימה

אין שטוב איז אויסגעגאַנגען דאָס חיות פאר שרעק, אין דרויסען האָט געבושעט דאָס פייער און דער טויט. ווער עס האָט נאָר געוואגט די שוועל איבערצוטרעטען האָבען די רוצחים דערשאָסען. שלמה ריין וועלכער האָט געוואוינט אין דעם נידריגען הייזעל צוויי שריט פון דער שוהל, דערזעענדיג די שרפה איז ער ארויסגעלאָפען פון שטוב. אזוי ווי די מערדער האָבען אים דערזען האָבען זיי אים אונטערגעשאָסען, בכיוון

נישט געטויטעט כדי ער זאָל זיך לענגער מאטערען. עס האָט זיי נאָך צוגעפעלט צום סכום קרבנות. נאָך אַ לעבעדיגען האָבען זיי אים אריינגעוואָרפען אין פייער אריין, אויף דעם זעלבען ארט ווי ער האָט ערשט אין דערפרי געזאָגט, ומי באש, און זיך געבעטען, אל תשליכנו לעת זקנה, ככלות כוחינו אל תעזבינו. זיינע געשרייען האָט מען געהערט איבער דעם גאנצען שוהל געסעל, פון וועלכען דאָס בלוט אין די אדערען איז פאר־גליווערט געוואָרען. זיינע לעצטע ווערטער זיינען געווען, דער רוף צו ישראל; שמע ישראל ד׳ אלקינו ד׳ אחד. באלד איז זיין ליידענע נשמה אוועק פון אים, דער קערפער איז באפרייט געוואָרען פון די גרויזאמע יסורים, ער איז פארוואנ־דעלט געוואָרען אין קויל. די רוצחים האָבען דערביי געזונגען דאָס שמוציגע ליד, צו זייער בלוטדורשטיגען מולך, דייטשלאנד איבער אלעם, איבער דעם בלוט קנאַכינס און אש פון מענשען.

נאך אים האָבען זיי נאָך דערשאָסען דריי מענשען און אריינגעוואָרפען אין פייער אריין. ישראל קער, אַ אינגעל פון זיבצען יאָר, יאָסעל ראַגעל, אכטענצוואנציג יאָר אלט און אַ פרעמדען איד. דריי אידען האָבען זיך דאמאָלס איינגעשטעלט דאָס לעבען כדי צו ראטעווען די ספרי תורות. זישעלע קאלעך דער שמש פון בית־המדרש, מאיר אידלער און שלמה זלמן פרענקעל. זיי איז געלונגען זיך אריינכאפען אין בית־המדרש אריין אומבאַמערקט פון די רוצחים און ארויסצונעמען צוויי ספרי תורות.

## קאַפּיטל 7

# אותו ואת בנו לא תשחטו ביום אחד.
# אים און זיין זון זאָלסטו נישט שעכ־
# טען אין איין טאָג.

שוידערליך און גרויזאם האָט אויסגעזען דער שחיטה פּלאַץ אויף דעם שזאראוויעץ, נאָך דעם ווי די דייטשע רוצחים זיינען אוועק. פון דעם בלויזען דערמאָנען זיך אין דעם בילד שטעלען זיך די האָר קאפּויער, און דאָס בלוט פריערט אין די אדערען. הונדערט הרוגים האָבען זיך געוואלגערט אין קאַלו־שזעם בלוט, טייל מיט צעשמעטערטע שארבענס פון דאס דאס קוילען. פאָטערס מיט זין, אלטע גרייז גראע אידען, מיט פארבלוטיגטע שטארע געזיכטער, ארומגענומען מיט די איידעלע הענטלעך פון זייערע אינגע אייניקלעך, וועלכע האָבען געזוכט אין די שרעקליכע מאָמענטען שוץ פון זייערע אומגליקליכע זיידעס. איבער די הרוגים האָבען ארומגעקרויזט ווילדע רויב פייגעל אזוי האָבען זיך ארומגעוואלגערט די טויטע קערפּערס פון די צארטע זין פון פאָלק ישראל, וועלכע האָבען די ערשטע געלערענט די בארבארישע וועלט דעם הומאניזם און צער בעל חיים, לא תשחטו אותו ואת בנו ביום אחד, קיינער פון די ארומיגע פּאָלאקען האָט אפילו נישט געפילט קיין מענשליכע פליכט זיי צו באערדיגען. נאָר איין אינגעל איז געבליבען לעבען דורך אַ נס, כדי צו זיין אַן עדות. דער אינגער לייביש ראָט. איין קויל האָט אים געטראָפען אין אויער, די צווייטע אין דער האנט, אַ דאַנק זיין פאטער וואָס האָט אים פארשטעלט אין די לעצטע מינוטען מיט זיין אייגענעם קערפּער. ער איז אנידערגעפאלען חלשות און דערנאָך זיך אויפגעוועקט. אַ

לענגערע צייט איז ער אזוי געלעגען און זיך נישט גערירט כדי די באנדיטען זאָלן אים נישט דערזען. ערשט שפּעט אין אָווענט ווען ארום אים האָט געהערשט אַ טויטע נאַכט שטילקייט, ער האָט נאָר געהערט דאָס שטילע פלוסטערען פון סאן, און אַ מעלאַנכאָלישע מעלאָדיע פון אַ נאַכטיגאַל אין דעם דערבייאיגען וועלדעל, ווי ער וואָלט געזאָגט אַן איינזאמען קדיש נאָך די אומגליקליכע קרבנות וואָס ליגען דאָ. די אויגען זיינען אים שיעור ניט ארויסגעשפּרונגען פון גרוילענש, ווען ער האָט דערזען נעבען זיך ליגען אין אַ קאַלוזשע בלוט זיין טויטען פאטער, און צענדליגער הרוגים ארום אים, צווישען וועלכע ער האָט דערקענט **הערש פּאריץ, ישראל יאַרע, הערש איטשע צייגער, אייזיק גרינבוים, פּנחס שעכטער, מיילעך גלעזער, לייבאָלע שמוש**. ווייטער איז געווען אַ מאַסע הרוגים, וועלכע ער האָט נישט געקענט דערקענען, ווייל זייערע קעפּ זיינען געווען צעשמעטערט פון דום דום קוילען. לאנגזאם איז ער אפיר געקראָכען אויף אלע פיר, פון צווישען די הרוגים און קאַלוזשעס בלוט. עס האָט זיך אים געדאכט אז די מתים לאָזען אים נישט אוועק רירען. קוים וואָס ער איז אוועק פון דעם שרעקליכען ארט און איז צוגעגאנגען צום וואסער כדי זיך ארומוואשען פון דעם פארגליווערטען בלוט וואס האָט אויף אים געקלעפּט פון אלע זייטען. אין דער לינקער האנט האָט ער געשפּירט שרעקליכע יסורים פון דער קויל וואָס איז אין אים געבליבען שטעקען. נאָך דעם ווי ער האָט זיך אַ ביסעל ארום־געוואשען מיט דעם קאלטען וואסער איז ער אַ ביסעל געקומען צו זיך און אָנגעהויבען לויפען צום שטעטל. באלד איז ער אבער געבליבען ווי פארשטיינערט פון דעם פרישען שווידערליכען בילד וואָס ער האָט דערזען. עס האָט זיך אים געדאכט אז דאָס גאנצע שטעטל שטעהט אין פלאַמען. ער האָט דערהערט אַן אָפּקלאנג פון מאשין ביקסען, דאָס האָבען די באנדיטען זיך אָפּגעפערטיגט מיט די לעצטע קרבנות אויף דעם ליבנער

בארג. די מינוטען, דער גרויל און שרעק, וואָס ער האָט איבער־געלעבט דאָס צווייטע מאָל אין אָנבליק פון דעם פייער, זענען געוועזן שוידערליך, אַ זעלכע וואָס קענען אראָפּפירען דעם מענש פון נאָרמאַלען פערשטאַנד, פארוואַנדלען אַ יונגען לעבענס לוסטיגען מענש אין א גרויען זקן. זיין לאגע איז געוועזן גלייך צו איינעם וואָס האָט זיך געראַטעוועט, אויף אַ ברעט נאָך אַ שיפס קאַטאַסטראָפע, האָפענדיג אז אָט אָט שווימט ער צו, צו אַ ברעג אָדער צו איין אינזעל. ווען ער איז צוגעקומען נאָנט צום אינזעל איז אים דאָס בלוט פארגליווערט געוואָרען פאַר שרעק דערזעענדיג אַ פולען ברעג מיט קראָקאָדילען און גיפטיגע שלאנגען. פון דערווייטענס פראַווען ווילדע מענשען פרעסער אָרגיעס, ארום אַ שייטער הויפען אויף וועלכען עס בראטען זיך מענשען. א ווייל איז ער געשטאנען אַ צעחושטער, נישט געוואוסט אין וועלכער ריכטונג זיך צו קערען. ערשט ווען ער האָט זיך דערמאנט אז ער שטעהט אויף א געפערליך אָרט אויף דעם שאָסע, אויף וועלכען די באנדיטען פאָרען הין און צוריק, איז ער צוגעלאָפען צום ברעג פון סאן און פון דאָרט צוגעגאנגען ביז אונטער דעם שטעטל ווי ער האָט שוין דערזען די ברענעדיגע שוהל. אריינצוגיין צו אַ פּאָלאק איבערנעכטיגען האָט ער מורא געהאט, דערמאָנענדיג זיך אין דער צופרידענהייט און חוזק וואָס זיי האָבען ארויסגעוויזען בעת מען האָט זיי געפירט צו דער שחיטה. ער האָט באַשלאָסען צו בלייבען איבער נאַכט אין פעלד צווישען די קשזאקים, און פון דאָרט אבסערווירען די ברענענדיגע שוהל. פון צייט צו צייט האָט ער אויפגעציטערט, דערהערענדיג פרישע ביקסען סאלוועס, נעבען דער שוהל און יאמערליכע געשרייען פון די אומגליקליכע קרבנות וואָס זיי האָבען לעבערדיגערהייט אריינגעוואָרפען אין פייער אריין. אין דער שרעקליכער נאכט האָט ער פארלוירען דעם באָדען אונטע די פיס, דאָס ערליכע גלויבען אין דער מענשהייט, אין זיין יושר און ציוויליזאציע.

ער האָט אים דערזען צוריק אַ נאַקעטען, אַ גרויזאַמען, ווי מיט טויזענטער יאָרען צוריק, פּראַוּוען ווילדע אָרגיעס, ארום די שייטערהויפענס, אויף וועלכע ער האָט געבראַטען לעבעדיגע מענשען, פאַר זיין קאַניבאַלישער סעודה. מיט אַ געזאַנג צו זיין מאָדערענעם נאַציאָנאַלען בלוטדורשטיגען מולך וואָס הייסט דייטשלאַנד. מער פון אַלעם האָט אים ווייי געטאָן, דאָס וואָס די קאַניבאַלען שטאַמען פון סאַמע הארץ פון אייראָפּאַ, דעם קולטורעלען צענטער פון דער וועלט. די מיט־בירגער פון די הומאַניסטישע לערער, דענקער און פילאָ־סאָפען. דאָס אָרט פון דער שענסטער ליטעראַטור און וויסענשאַפט מענער. אַ פאָלק אין וועלכען הונדערטער טוי־זענטער אידען, האָבען געגלויבט ווי אין אַן אָפּגאָט. געאָפּפערט פאַר אים אַלעס וואָס ער האָט נאָר פאַרמאָגט. נישט געשוינט אפילו דאָס טייערסטע און הייליגסטע פון הארץ, פאַרטווישט די געטליכע אמונה אויף אַ טאָפּ לינזען, פאַרלייקענט זיין גרויסען אידישען אָפּשטאַם. איצט צאָלט ער אים אָפּ מיט אַ בלוטיגען לוין. ער האָט זיך געפּריווט ראַטעווען ווי אַ טרינ־קענדער וואָס כאַפּט זיך אָן אין אַ שטרוי, אז דאָס איז נאָר אַ מינוטיגע משוגעת, אַ ווילדער רויב און מאָרד לוסט פון אַ קליינע צאָל באַנדיטען, מיט וועלכע דאָס דייטשע פאָלק איז נישט איינשטימינג. עס קען דאָך נישט זיין אז דאָס קולטורעלע דייטשע פאָלק איז מיטאַמאָל פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין מערדער און רויבער. באַלד האָט ער אָבער אָפּגעוואָרפען די לעכערליכע קינדיש נאַאיווע פאַרטיידיגונג. ער האָט זיך דערמאָנט אין דער דייטשער געשיכטע פון די לעצטע יאָרען. די ענשטעאונג פון נעאָ־אַנטסעמיטיזום. דעם גיפטיגען אַנטי־סעמיטיזםפון ביסמארק, און דעם שטילען בייסיגען אַנטי־סעמיטיזם פון דעם דייטשען אדעלשטאַד, מיט ווילהעם בראש. אויף דעם מיסטיגען באָדען איז אויסגעוואַקסען דאָס גרוילעניש פון דער גאַנצער מענשליכער געשיכטע וואָס הייסט היטלעריזם.

אויף דעם בלוטיגען רוצח האָבען געשטימט ניין מיליאָן באוואוסטזיניגע רוצחים, וועלכע האָבען מיט דער הסכמה פון די אנדערע, פארוואנדעלט דייטשלאַנד אין איין עיר הנדחת, אין א נייעם סדום ועמורה. ווען דאָס דייטשע פאָלק וואָלט אין זיך געהאט נאָר איין פונק מענשליכקייט וואלט בכלל ביי אים זיך נישט אויפגעהאָדעוועט דער קאניבאליזם וואָס הייסט היטלעריזם. שאָף וועלען נישט געבוירען און האָדעווען שלאנגען. אַ שלאנג קען געבוירען ווערען נאר פון א שלאנג, זי מוז זיך איינזאפען מיט דעם גיפט נאָך ביי איר מוטער, שלאנג, אין בויך אין מיט וועלכען זי פארגיפטעט דערנאָך אלעמען. ער איז געקומען צו דער מסקנה, אז גאנץ דייטשלאַנד איז אַ מין רוצחים הייל. זייער אלעמענס אידעע איז נאר צו רויבען און שעכטען מענשען, דאָס שמוציגסטע בוך פון דער גאנצער מענשען געשיכטע, „מיין קאַמף" איז די פאַקטישע קאָנסטיטוציע פאר אלע דייטשען. נישטא ביי זיי קיין פונק רעליגיע, מורא פאר ב״ט, פאר מענשען און געשיכטע. אלע ליטעראטען, דענקער און פילאָסאָפען, זיינען ניט מער ווי דער נזם זהב אויף זייער חזירישען פרצוף. דער פייגען בלאט, וועלכער האָט פארדעקט זייער נאקעטע שאנד, דעם ווילדען גייציגען עגאָאיזם, פון איין רויב צוג צום צווייטען. דאָס איינציגע הייליגטום ביים דייטש איז די ביקס און שווערד, וועלכע ער טראגט מיט שטאָלץ און ענטוזיאזם. פארשארצען זיך די ארבעל צום בלוט ווי די קאַלערס. דער על חרבך תחיה, מיט די שווערד זאָלסטו לעבען, איז זייער איינציגע אידעע. אין דער גרויזאמער נאכט איז לייביש ראָט מיט זיין אינגען רייף געוואָרענעם מוח, געוואָרען דער פראָקוראטאָר פון נאציאָנען און פעלקער פון דער גאנצער וועלט. כמעט אלע האָט ער אוועקגעזעצט אויף דער באשול־דיגונגס באנק, אלס מיטשולדיגע אין דער פארשפרייטונג פון דער היטלער־מגפה. געשפילט זיך אין זיידענע הענטשקעס פון דיפלאָמאַטיע ווען ער האָט אנגעהויבען איינשלינגען די

שכנות׳דיגע לענדער. די וועלט האָט נישט קיין געוויסען, ווען נישט וואָלט עס געווען אויפגעציטערט באלד ביי די ערשטע פאָגראָמען אויף די דייטשע אידען. און אויך נאָך מיט יאָרען צוריק ביי די בעסטיאלישע פעטלוראָווצעס. אייראָפּע איז איין שטיק פוילעכץ, וואָס האָט אומדורעקט מיטגעהאָלפען אין וואוקס פון דעם גרויזאַמין היטלעריזם אין די מינוטען האָט ער זיך געוואונשען אז די גאנצע וועלט זאָל אָפּשווענקען אַ מבול, ווייל זי איז פול מיט רויבער, ווי אין נח׳ס צייטען. איצט האָט ער קלאָר פארשטאַנען, די נויטיקייט פון ארץ ישראל, די שיבת ציון אידעע ער איז ווי אויפגעשטאַנען פון שלאָף און דערזען אז דער איד האָט קיין פלאַץ נישט אין אייראָפּאַ, אלע זיינען איינשטימינג אים צו פארניכטען. פארטאָג ווען דאָס פייער האָט זיך אָפּגעלאָשען און אַ פינסטערע נאכט האָט פארדעקט דעם גרויל און אומגליק פון שטעטל, איז אים באפאלען אַ קורצער שלאָף און אַ חלום ווי ער שטעהט אין דער חרובדיגער שוהל, אין מיטען אויף דעם אָרט פון באַלעמער, שטעהט אן אלטער גרייז גרויער איד איינגעהילט אין אַ טלית מיט אש אויף דעם קאָפּ, אין זיין גארטעל איז אונגעהאָנגען אַ זעקעל פון וועלכען עס שטארען ארויס צוגעזענגטע יריעות, מיט פארברענטע קנאכינס פון מענשען, אין איין האנט האַלט ער דעם וואנדער שטעקען, און אין דער צווייטער אַ פארמענטענע מגילת איכה פון וועלכער ער לייענט ארויס מיט אַ יאָמערליך געוויין, בני ציון היקרים המסולאים מפז ומפנינים האיך נחשבו לנבלי חרם, די טייערע קינדער פון ציון, וואָס זענען געווען שענער פון גינגאָלד און צירונג, זיינען געוואָרען גלייך צו טויטע שארבענס, מיט אַ ציטערדיגע האנט האָט ער אָנגענומען אַ ביסעל אש פון די פארברענטע קערפער און ספרי תורות און אויסגעשריגען, וניקיתי דמם לא נקיתי. דאָס אש האָט ער אריינגעשיט אין זיין אש זעקעל, וואָס ער האָט צונויפגענומען פון די אידישע קרבנות, און מיט אַ געבויגענעם קאָפּ האָט ער זיך געלאָזט געהן אין זיין ווייטען

וואנדער וועג ווען ער האָט זיך אויפגעוועקט איז שוין געווען ליכטיג. אַ וויים מילך נעפּעל האָט זיך געשלענגעלט איבער דעם שטעטל, איבער דער שוהל חורבה, ווי אַ פאַרבליבענער רויך נאָך דער ביינאכטיגער שרפה. ער האָט זיך אויסגעריבען די אויגען און אַ צעהושטער גענומען קוקען פון אלע זייטען, נישט וויסענדיג ווי ער געפינט זיך. דער חלום האָט אים דערמאָנט, אין אַ סקיץ פון חורבן ירושלים מיט ירמיה הנביא, וואָס ער האָט געשריבען מיט עטליכע מאָנאטען צוריק און געפלאנט דערפון צו מאכען א גרויס בילד. ער האָט זיך דערמאָנט אלעס וואָס האָט מיט אים נעכטען פאסירט, אַ שוידער פון גרוילעניש און שרעק האָט אים ווידער ארומגענומען. אַ צעטומעלטער האָט ער אנגעהויבען לויפען צום שטעטל דורך דעם וועג וואָס פירט צו דער שוהל. ווען ער איז צוגעקומען צו דער שוהל, איז ער געבליבען ווי פאַרשטיינערט פון דעם שוידערליכען בילד. זיין מוח האָט עס נישט געקענט תופס זיין, כאָטש ער האָט עס צוגעזען פון דערווייטענס א גאנצע נאכט. אויף דעם אָרט פון דער פּרעכטיגער שוהל, וואו ער האָט נאָך נעכטען געזינגען מיט דעם חזן, איז איצט שוין פארוואַנדעלט געוואָרען אין אַ חורבה, אַ שייטערהויפען פון ווילדע מענשען פרעסער, פון וועלכע עס זיינען נאָך געבליבען די רעשטלעך, פאַרברענטע שקעלעטען, נאָך זייער בלוטיגער סעודה. אויף דער צפון וואנט האָט מען נאָך אָנגעזען די פאַרשוואַרצטע אותיות פון דעם קלאָג ליד, מזמור לאסף א' באו גוים נחלתיך, טמאו את היכל קדשיך, נתנואת נבלת עבדיך מאכל לעוף השמים, בשר חסידיך לחיתו ארץ, שפכו דמם כמים סביבות ירושלים ואין קובר, שפוך חמתך על הגוים אר לא ידעוך ועל הממלכות אשר בשמך לא קראו כי אכל את יעקב ואת נוהו השמו. — אַ ג-ט, געקומען זיינען בארבארישע פעלקער און פאראומריייניגט דיין היכל, געוואָרפען די קערפער פון דיינע חסידים פאר חיות און פייגעל, זייער בלוט גיסט זיך ווי וואסער

און עס האָט זיי נישט ווער צו באַגראָבען. גיס אויס דיין צאָרן אויף די פעלקער וועלכע האָבען דיך נישט אנערקענט ווייל זיי האָבען אויפגעפרעסען יעקב׳ן און זיין וואונונג צושטערט. עס האָט אויסגעזען ווי אַ חרובדיגע מצבה אויף אַן אלטען בית הקברות פול מיט אויפגעגראָבענע שקעלעטען. יעקב ריין אַ זון פון שלמה ריין האָט צונויפגענומען די פארברענטע ביינער פון זיין פאטער און פון די רעשט קרבנות, אויף אַ טאַטשקע, איין רעדעלדיג האנד וועגעלע אויף וועלכען די מוירער פירען ציגעל, און עס אליין אָפגעפירט אויף דעם בית־הקברות. ער האָט נישט געגלויבט זיינע אייגענע אויגען, אפשר איז דאָס עפּעס אַן ארכעאָלאָגישע אויסגראָבונג, די שפורען פון ווילדע מענשען מיט טויזענטער יאָרען צוריק. צו איז עס גאָר אַ פּראָדוקט פון זיינע צעשרויפטע נערוון. אין קאָפּ האָט אים געראַשט ווי אין אַ קוזשניע, די פּיס האָבען זיך געוואַקעלט נאָר אנידערצופאלען. אַ שטרום טרערען זיינען געפלאָסען פון זיינע רויטע אָנגעשוואָלענע אויגען ווי פון אַ קוואל. פון זיין ברוסט האָט זיך ארויסגעריסען אַ קללה אויף די מוטערס וואָס האָבען געבוירען און אויפגעהאָדעוועט אַזעלכע גרויזאמע רוצחים. אַ פייער פון הימעל און ערד זאָל פארוואנדלען זייערע שטעט אין סדום ועמורה. קיין איינער פון די רוצחים וואָס טראָגען מיט שטאָלץ דעם שוידערליכען האקענקרייץ, זאָל נישט ווידער אהיים. זייער טרפה בלוט זאָל באמיסטיגען די שלאכט פעלדער, ווי נאר זיי האָבען אוועקגעשטעלט זייערע פארשאָלטענע פּיס. זייערע ביינער זאָלען קיינמאָל נישט האָבען קיין רוה אין דער ערד. אַ האלב פארווילדעטער איז ער געלאָפען אַ היים צו זיין מוטער, און איר געברענגט די שרעקליכע בשורה פון דעם פאטערס טויט בעזאמען מיט נאָך צענדליגער אידען. בליץ שנעל האָט זיך די בשורה פארשפרייט איבער דעם גאנצען שטעטל. באלד נאָך אים איז אנגעקומען דער צווייטער פליט, יעקב הערשעל גוטמאן און געברענגט די זעלבע איוב בשורה פון אַ

גרויסער צאָל הרוגים אויף דעם ליבנער בארג, פון וועלכע נאָר ער איינער איז געבליבען לעבען דורך אַ נס. זיין מוח האָט נישט אויסגעהאלטען דאָס שרעקליכע איבערלעבעניש, אַ גאנצע נאכט איז ער ארומגעלאָפען אַ פארווילדעטער אין געשריגען מען זאָל שנעל טעלעפאָנירען קיין ווארשא נאָך פּאָליציי זיי זאָלען כאפּען די באנדיטען. ערשט אין דער פריה האָט אים אַ איד צוגעפירט אהיים. שווידערלעך האָט דאמאלס אויסגעזען דאָס שטעטל אין דעם פרימאָרגען, ווי אַ גרויזאם פארהוסטאריש בילד, נאָך אן איבערפאל פון ווילדע מענשען פרעסער. אין אלע ווינקלען וואלגערען זיך הרוגים, שקעלעטען פארברענטע צווישען חורבות. פון פענסטער און טויערען הערט זיך אַ קלאָג, אַ יאָמער, אַ דערשטיקט כליפּעריי, פון פרויען און קינדער, וועמען די גרויזאמע באנדיטען האָבען איבער נאכט פארוואנדעלט אין אלמנות און יתומים. ווער עס האָט עס צוגעזען, דעם איז פארבליבען אַ טיפע, אומהיילבאָרע וואונד אין הארץ אויף דעם גאנצען לעבען.

## קאַפּיטל 8

# גלות

אַ טאָג פאר ערב סוכות ת״ש איז פאָרגעקומען דער גירוש פון שטעטל. צוועלף אַ זייגער האָט דער גמינע פּאָליציי מיט דער פויק אויסגערופען אין מארק דעם באפעל פון דער דייטשער רוצחים קאָמאנדע, דאָס אלע אידען פון דעם שטעטל זאָלען זיך ביז איין שעה צונויפקומען אין מארק אריין. וועמעז זיי וועלען דערנאָך טרעפען אין דער היים וועט דערשאָסען ווערען. אַ שעה דערנאָך זיינען שוין אלע אידען געווען פאר־זאמעלט אין מארק, גרייט אין גלות וועג אריין. דערמיט האָט זיך פארענדיגט דאָס לעצטע און טראגיסטשע קאפּיטל פון שטעטל. צוויי און אכציג הרוגים פון די דינאָווער אידען זיינען

געלעגען אין עטליכע ברידער קברים, צוזאמען מיט צוויי הונדערט און צוואנציג פרעמדע אידען, וועמען דער ביטערער גורל האָט געפירט אין דעם שרעקליכסטען מאָמענט קיין דינאַוו. די שוהל מיט די ספרים פארברענט, בעזאמען מיט דעם אלטען שוהל פּנקס אין וועלכען מען האָט זיך מער נישט גענויטיגט. אויפגעהערט האָט זינט דאַמאָלס צו עקזיסטירען דאָס אידישע דינאַוו, דאָס באליבטע שטעטל, אין וועלכען עס האָבען דאָמינירט תורה און פרומקייט, יושר און הומאניזם. רייך מיט רביים און חסידות. טראָץ דער פעסטונג פון חסידות האָט זיך דאָרט אויך געפונען אַ שטאַרק קרענצעל משכילים, זייט הונדערט יאָר, פון וועלכע עס האָט געשטאמט דער בארימ־טער אדוואָקאט לייב לאנדוי. אַ שטעטל אין וועלכע די שיבת ציון אידעע האָט טיעף אריינגעדרונגען נאָך פאר דעם ערשטען וועלט־קריג. צענדליגער אינגעלייט, רייכע און אָרימע, חסידים, מתנגדים, משכילים, באהויכט פון דעם גרויסען שיבת ציון אידעאל, האָבען איבערגעלאָזט זייערע היימען, פאָטער און מוטער, און אוועק אויף די הייסע זאמדען פון ארץ ישראל, בויען אַ היים פאר דעם אידישען פאָלק. פון איצט אָן האָט זיך פאר די דינאָווער אידען אָנגעהויבען אַ טרויריג וואנדער לעבען, אָן אַ היים, אָן אַ דאך איבער דעם קאָפּ, מיט דעם אלט אידישען וואנדער שטעקען אין די הענט. יאושדיקע מיט געבויגענע קעפּ, און אַ צדוק דין אויף די ליפּען, האָבען זיי זיך געשלייכט אויף דעם בלאָטיגען פעלד וועג צום סאַן. אינג און אלט, מענער און פרויען מיט זויג קינדער אויף די הענט. דאָס גאנצע פארמעג זייערס איז באשטאנען פון קליינע זעקלעך וועש, וואָס זיי האָבען אין געאייל מיטגעכאפּט מיט זיך, געטריבען פון די דייטשע רוצחים, מיט ביקסען און גומי שטעקענס. אין דעם גלות צוג איז אויך געווען לייביש ראָט מיט דער מוטער און קינדער. ער איז איבער די פּאָר טעג שטאַרק אָפּגעמאָגערט געוואָרען, דאָס פּנים פארחושכ׳ט די אויגען רויטע

האלב פאַרווילדעטע פון די גרויליכע סצענעס וואָס ער האָט זיך צוגעזען, ווי ער וואָלט זיך געעלטערט מיט אַ סך יאָרען. זיין יונג פילבאַר האַרץ איז מיטאַמאָל פול געוואָרען מיט ליידען. צום לעצטען מאָל האָט ער געוואָרפען אַ טרויריגען געזעגענונגס בליק זיין שטעטל, ווי אַ דערשראָקענער פויגעל אויף זיין חרובדיגע נעסט אין וועלכע עס זיצט אַ שלאַנג. שווער און פיינ־ליך איז אים געווען צו שיידען זיך אויף אייביק מיט זיין באַליבט שטעטעל, דאָרטען ווי ער איז געבוירען געוואָרען און ערצויגען. דאָרט ווי זיין מוח איז רייף געוואָרען, צו באַגרייפען ליטעראַטור און קונסט, ווי אַ רויך איז אַלעס פאַרשווינדען, אויס דעם שטעטל איז געוואָרען אַ בית הקברות, אין וועלכען עס זיינען געבליבען באַגראָבען אַלע זיינע חלומות און יוגענטליכע פאַנ־טאַזיעס אַ היימלאָזער, אַ בעטלער מיט אַ פאַרווונדעט האַרץ איז פון אים געוואָרען. אַ בענקשאַפט האָט אים אַרומגענומען ווען ער האָט דערזען דעם בית־הקברות באַרג, די הויכע סאָסנעס אַרום דעם קוועלעכיל דאָרט ווי ער פלעגט אוועקזיצען ביי די ביכער און שרייבען אידיליעס. באַלד האָט אים ווידער אַרומגענומען אַ גרוילעניש און אַ שוידער ווען ער האָט, דערזען דאָס שזאַרוויעץ וועלדעל, דערמאָנט זיך אין דער שרעקליכער שחיטה נאַכט, אין זיין פאָטער וואָס ליגט אין דעם שותפות׳דיגען קבר. פאַר יעדעמען האָט ער אויסגעקריצט מצבות, נאָר אים האָט מען שוין נישט געקענט אוועקשטעלען אַ מצבה, און אויך נישט באַערדיגען אויף דעם אידישען בית־הקברות. פון אַלע זייטען האָט אויף אים געשלאָגען מיט מרה שחורה. די אָנגעשיטע קאַרטאָפעל קופּעס האָבען זיך אים אויסגעוויזען ווי פריש אָנגעשיטע קברים. דער הימעל האָט אויך אויסגעזען ווי פאַרחושכ׳ט, פאַרדעקט מיט שוואַרצע, בלייענע וואָלקענס, פון וועלכע עס האָט אונאויפ־הערליך געטריפט אַ קלעבעדיגע פייכטקייט וואָס האָט טיעף אַריינגעדרונגען אין די ביינער. אפילו די קאַלטענדיגע דעמבעס

און ווערבעס ארום דעם סאַן, אין וועלכע ער פלעגט אָפּט זען אזוי פיעל צויבער און שעהנקייט, האָבען אים איצט אויך אויסגעוויזען אומעטיגע, ווי טרויריגע זקנים מיט געבוי־גענע קעפּ. די געל רויטע בלעטער וואָס האָבען זיך געוואלגערט ארום זייערע פיס האָבען אויסגעזען ווי פארבלוטיגטע, גלייך ווי זיי וואָלטען אויך געווען קרבנות פון דער בלוטיגער שחיטה.

די בערג ארום דעם סאַן זיינען אינגאנצען געווען באדעקט מיט געדעכטע רויך ענליכע נעפּעלען, ווי אין זייער אינגעווייד זאָלען ברענען אומצאָליגע שייטערהויפענס. דער איצטיגער גלות מארש, האָט אים אויסגעוויזען שטארק ענליך צו דעם אור אלטען גלות בבל. אַ ווידערהאָלונג פון דעם טראגישען חורבן מיט איבער צוויי טויזענט יאָר צוריק. די געשיכטע לויפט פאָרווערטס, דאָך קערט זי אלעמאָל צוריק אויף דעם זעלבען אָרט ווי די ערד. גאָרנישט האָט זיך געענדערט זייט דאַמאָלס. עס האָבען זיך נאר געטוישט די נעמען פון די מאָרד געצייגען. די זעלבע בארבארען, דער זעלבער גוי עז פּנים, וואָס איז נישט נושא פּנים קיין זקן, און דערבארעמט זיך נישט אויף קיין קינד. חרוב געמאכט דעם בית־המקדש, פארברענט די הייליגע ספרים, אויסגעשאָכטען די בעסטע זין פון ישראל, די רעשט ווערען פארטריבען איבער די טייכען, צווישען אומעטיגע ווערבעס. אָט באלד וועט מען קריכען אויף די פאר נעפּעלטע בערג, וואָס דער נביא האָט געשילדערט מיט צער און ווייטונג, בעת ער האָט גערופען זיין פאָלק ישראל צו תשובה, בטרם יתנגפו רגליכם על הרי נשף — באדעקט אייך און טוט תשובה, בעפאָר אייערע פיס וועלען פארוווּנדעט ווערען אויף די פינסטערע בערג. — צו איז דען נישט געווען אַ שטיק נבואה, ביי די אלע וואָס האָבען גערופען דאָס פאָלק ישראל צו בויען זיין היימלאנד, בעפאָר דער גלות וועט אים פארלענדען. ליידער איז דער איצטיגער רוף צוגלייך מיט דעם

אמאָליגען, געבליבען דער קול קורא במדבר, דער סיר הבשר פון גלות האָט זיי געהאלטען מיט אייזערנע צוואנגען. בלויז אַ פּאָר צענדליג יונגעלייט האָבען זיך אויפגעוועקט פון דעם גלות שכרות, און אוועק בויען דאָס לאנד, וועלכע מען האָט באטראכט אלס נאאיווע היץ קעפּ וואָס לאָזען איבער זייער היים, האָב און גוטס, און פאָרען האקען שטיינער אויף די בערג, טרוקענען די מאלאריע זימפּען. אין דעם גלות צוג געפונען זיך אויך עטליכע וואָס זיינען שוין דאָרט געווען און ווי פּחדנים זיך צוריקגעקערט, צו דינען דער ארמעע פון זייער שטיף מוטער, פּוילען, כדי איצט אנטיילצונעמען אין דעם גלות צוג, אויף די נעפּעלדיגע בערג. אזוי זען אוים אידען אין גלות, דריי הונדערט יאָר געוואוינט אויף איין אָרט, אויפגעבויט הייזער, געזאַמעלט פארמעגענס, אלעס געמוזט איבערלאָזען פאר די רוצחים און אליין אנטלויפען מיט דעם אָרימען נאקעטען לעבען, ווי בינען וואס זאמלען לאנג איין דעם האָניג אין דער נויטיגער מינוט רויכערט מען זיי אוים, און מען נעמט צו דעם האָניג. די מענער האָבען געמוזט אדורכגיין צופּים דורך דעם סאַן. ביי די ברעגעס זיינען געשטאנען די רוצחים מיט די ביקסען, גרייט צו שיסען אויף יעדען וואָס דערפילט נישט דעם באפעל. אַ מחנה פּאָלאקען און אוקראאינער האָבען דערפון געהאט אַ טעאטער זעענדיג ווי די אידען באָדען זיך אין אָנטיעכיץ אין דעם קאלטען וואסער. אין שטעטל זיינען פארבליבען נאָר פינף פאמיליעס: חמה יארע מיט אַ טאָכטער, פערטשע ראָזענבערג, רחל גאָלדשמיט, לעמעל ריין, דעם איינציגען בלעכער האָט מען דערלויבט צו בלייבען, מרדכי שעכטער, אַ שווער קראנקער וואָס האָט זיך נישט געקענט רירען און אלי זילבערמאן, אן אלטער איד וועלכער האָט געוואָלט בלייבען ליגען אויף דעם דינאָווער בית-הקברות. די רוצחים האָבען דערפילט זיין וואונש און אים דערשאָסען אויף דעם דינאָווער בית-הקברות. דער לעצטער איז אדורך

דעם סאַן, יאָסעל שעפּס, אַן אכציגיעריגער איד, וואָס האָט לעצטענס געליטען אויף פאַרקאַלקונג און קאָפּ. אים האָבען באַגלייט אַ כּאַפּטע פּאַלאַקען מיט מאכלא דרולונקעוויטש בראש, אַ מוירער, וועלכער האָט שטענדיגט געארבייט ביי אידען און אויך ביי דער שוהל. ער האָט אים באַגלייט מיט אַ הארמאָניע, געשפּילט אויף דער גרויסער שמחה באַגלייטענדיג דעם לעצטען איד. אין אָווענט האָבען די דייטשע רוצחים געפּאַקט אַ ווידערשפּעניגע פרוי, די מוטער פון מלך גלעזער, וועלכע איז דאָס לעצטע יאָר נישט געוועזן ביים פולען זינען. זיי האָבען זי דערשאָסען ביים ברעג פון סאַן.

אויף דער צווייטער זייט פון סאַן האָבען זיך די דינאָווער אידען צעשייד אין די דערפער אויף דעם ערשטען אַפּרוה, און דערנאָך זיך צעשפּרייט איבער די שטעט און שטעטלעך פון מערב אוקראאינע.

קאַפּיטל 9

## לעמבערג אין ענדע 39־טען יאָר

אַ פּראָסטיגער אָווענט, די פאַרפרוירינע שויבען פינקלען ווי געבלימטע קריסטאַל פּליטען. דער שניי סקריפּעט אונטער די פיס ווי זאַמד, די געסלעך זיינען פּוסט אָפּגעליידיגט, אלעם באַהאַלט זיך אין די שטובען. פון צייט צו צייט הערט זיך אַ מאָנאָטאָנע טראַמוויי קלינג אין דעם קאַלטען פּוסטען חלל, דאָס גרילצען פון די געפרוירענע רעלסען, אזוי שנעל ווי זיי קומען אָן ווערען זיי פאַרשווינדען אין די געדרייטע גאַסען. נאָר אויף דער לעגיאָנאָוו גאַס הערשט אַ לעבהאַפטע באַוועגונג.סוחרים קוקען נישט אויף דער קעלט, טראגען זיך

ארום מיט די סחורות אויף וועלכע עס פעלען אויך נישט קיין בעלנים. נעבען די מאגאזינען שטעהען לאנגע רייען מענשען, שעהן ווייזע און ווארטען מיט אומגעדולט ארייצוכאפען זיך אינווייניג. דאָס זיינען געווען אין גרעסטע טייל די הולכי נמושות , די קבצנים וואָס האָבען נישט געטויגט צו קיין גרעסערע מסחרים, די פליכטלנגע וואָס זיינען געקומען קריעה בליעה אָן אַ גראָשען אין דער קעשענע, די האָבען געמוזט שטעהן טעג און נעכט אין דער רייע כדי צו באקומען אויף נאָרמאלע פרייזען אַ ביסעל פּראָדוקטען אָדער אַ שטיק סחורה. אין איינע פון די רייען איז געשטאַנען לייביש ראָט, פון דריי אַ זייגער און נישט געקענט זיך דערווארטען אויף דעם ביסעל פּראָדוקטען. דער פראָסט האָט אים שוין אדוירכגענומען ביז דעם מארך. אָנגעטאָן איז ער געווען זומערדיג, אין אַ לייכטען פאלטאָ וואָס ער האָט אין איילעניש מיטגעכאפּט מיט זיך. די פּיאטעס פון די פיס האָט מען אים ארויסגעזען פון די האלבשיך דורך די צוריסענע שקארפּעטען. דאָס געזיכט אָנגעשוואָלען רויט ווי אַ באָרק. נאָר אין די אויערען איז אים נישט קאָלט געווען, ווייל ער האָט זיי שוין געהאָט אָנגעפרוירען, פול מיט בלאָטערס, ארומגעוויקעלט מיט אַ שמאטע. די אויגען זיינען ביי אים אומגעדולדיג ארומגעלאָפען ווי ביי אַ הונגעריגע חיה אין אַ קלאָטע טאָמער עפענט זיך די טיר. עטליכע מאָל איז ער ארויסגעגאנגען פון דער רייע, זיך אדורכגעגאנגען עטליכע שריט כדי די פיס זאָלען אים נישט אָפּפרירען. ענדליך האָט ער זיך דערווארט אויף דער גליקליכער מינוט, דאָס הארץ האָט אים אַ ציטער געגעבען, ער האָט דערהערט דעם אזוי לאנגדערווארטעטען סקריפּ פון די טיר. קוים מיט צרות, אַ צונויפגעפרעסטער צווישען דער מאסע האָט מען אים אריינגעשטופּט אינווייניגג. איין אנגענעמע פארע האָט אים ארומגענומען. די אויגען זיינען אים פארלאָפען געוואָרען מיט טרערען, ווי פארהויכטע גלעזער פון דער קעלט, אין דער ווארעם.

אַ צופֿרידענער איז ער דערנאָך אַהיימגעלאָפֿן מיט דעם ביסעל פּראָוויאַנט ער האָט געווינט, אויף דער סלאָנעטשנאַ גאַס אין אַ קליין טונקעל שטיבעל, צוזאַמען מיט נאָך צוויי חברים. דאָס שטיבעל האָט אויסגעזען ווי אַ הקדש שטיבעל פֿאַר קבצנים. דאָס מעבעל איז באַשטאַנען פֿון דריי פֿאַרזשאַווערטע אײַזערנע בעטלעך, אָנגעפּיקט מיט וואַנצען, מיט אַלטע פֿאַר־שמאַלצענע קאָצן. אַ צעבראָכען שענקעל מיט אַ טישעל. אויף דעם אויוועץ האָבען געפֿאַרעט די אָניצים אין געפּרווירענע שיך. דאָס גאַנצע פֿאַרמעגען פֿון די קוואַרטיראַנטען, איז באַשטאַנען פֿון דריי רענצלעך מיט אַ ביסעל לאַכעס. פֿאַר דאָס אָבער האָבען זיך דאָרט געוואַלגערט אַ סך ביכער, אויף דעם טיש אין שענקעל, אונטער די בעטען, פֿון וועלכע מען האָט געקענט דערקענען אַז דאָ וואוינען אָרימע אינטעליגענטען. דאָס וואָס זיי האָבען נישט דערעסען, האָבן זיי אָנגעפּילט מיט לערע. איינער פֿון די קוואַרטיראַנטען איז געווען אַ יונגער סטודענט, אַ וואַרשעווער וואָס האָט ערשט דעם זומער געענדיגט די מיטעל שולע, דער היטלער הוראַגאַן האָט אים אַרויסגעריסען פֿון דערהיים און פֿאַרשלעפּט קיין לעמבערג אין דעם טונקעלען שטיבעל אויף סלאָנעטשנאַ גאַס. זיין נאָמען איז געווען זיגאַ גאָלדשטיין. אַ הויכער ברייטביינעוודיגער פּערזאָן מיט אַ טונקעלגעזיכט ווי אַ ציגיינער, ברעמען שאַרפֿע, ברייט צעוואַקסענע איבער די נאָז ווי ביי אַ קאַווקאַזער. אויגען שוואַרצע טיפֿע ווי די ימים. מאָמענטען ווייז איז זיין בליק געווען אַ שאַרפֿער, אַ דוירכדרינגענדער ווי ביי אַ טרוקענעם וויסענ־שאַפֿטסמאַן, וואָס וויל אַלעם דערגרונטעווען און פֿאַרשטעהן. באַלד האָבען זיי פֿאַרלוירען דאָס שאַרפֿקייט, באַדעקט מיט אַ טריבען נעפּעל, פֿאַרזונקען אין זיך זעלבסט, ווי פֿאַרגליווערטע שיפֿלעך אין אַ טריבען הערבסט, באַהערשט פֿון טרויער אין האַרצנאָגענדער בענקשאַפֿט. אין די מינוטען האָט זיין געזיכט אויסגעדרוקט אַ מין קינדישע אומבאַהאָלפֿענקייט, די ליפּען

פארבויגענע נאָר צום וויינען, ווי אַ פאַראייניזאַמט קינד וואָס איז געבליבען איינער אליין אָן אַ פאָטער און מוטער אויף זיין אייגענעם שווערען גורל. צומאל האָבען זיי אויסגעוויזען יאושדיגע, מרה שחורה׳דיגע, ווי ביי אַ שווער קראנקען וואָס האָט שוין רעזיגנירט פון דעם לעבען, ער ערוואַרט שוין פון קיינעם קיין הילף, זיין קאַמף פאר לעבען איז פארענדיגט. זיצענדיג אין דעם טונקעלדיגען שטיבעל, אָנגעשפאַרט אויף זיין נעבעכדיג בעטעל, מיט אַ בוך אין דער האנד, האָבען זיינע געדאנקען געבלאָנקעט אין דער נאָנטע און גלייכצייטיג ווייטע פארגאנגענהייט. פאר זיינע אויגען איז געשטאנען אַ פרעכטיגע ווילע פון וואַרשעווער פאַרשטאָט, ארומגערינגעלט מיט אַקאַציעס, און ברייטצעצווייגטע קאַשטאַנעס. די טויערען באַדעקט מיט גלאַנציגע קופערנע בלעכען. די שטיגען און ווענט פון מאַרמאָר פליטען. שטיבען רחבות׳דיגע פול מיט רייכטום און טייערע מעבעל שטיקער, קונסט בילדער אויף אלע ווענט, דאָס לעצטע שטיבעל איז זיין קאָוועלערסקע צימערל, אלעם בלענדעט און גלאנצט, דאָס בעטצייג, דער פאָטערירטער פוסבאָדען, באַדעקט מיט אַ דיוואַן, דער געשליפענער שפיגעל, די שאַנק אָנגעפאַקט מיט אַ מאַסע ביכער, אלעם אין פראַכט באַנד. ער ליגט אָנגע־שפארט אויף דער ווייכער פלושענער אָטאמאנע און לעזט אַ שפאַנענדען ראָמאַן. די טיר עפענט זיך שטיל, און עס קומט אריין זיין מוטער מיט אַ צערטליך געזיכט, אין דער האַנט האַלט זי אַ טאַץ מיט טשאסקעס און הייסען קאקאוי. איר בן יחיד זאָל נישט פארהונגערען. ער האָט נישט קיין אפעטיט. ערשט נישט לאנג האָט ער אָפגעגעסען דאָס מיטאג. פאררויכערט זיך אַ דאמעס און לעזט ווייטער. די מוטער קומט נאָכאמאל אריין אַ פאַרזאָרגטע, ער האָט דאָס עסען נישט אָנגערירט ער האָט נישט קיין אפעטיט, טאפּט אים דעם שטערען צו ער האָט חלילה נישט קיין היץ. ער ענטפערט מיט א שמייכעל אז אים איז גארנישט, ער איז נישט הונגעריג, ווי לאנג איז דען ווי ער

האָט אָפּגעגעסן דאָס מיטאָג. די מוטער געהט דאַן אַוועק אַ באַרוהיגטע צוגרייטען עפּעס גוטס אויף נאָכטמאָל. אַט זיצט ער אין אויפּסנאַם צימער, שפּילט אויף זיין באַליבטען פידאַלע. אים אַקאָמפּאַנירט רוזשאַ, זיין צוקונפטיגע כלה, אויף דעם קלאַוויר. אירע בלאַנד גאָלדענע לאָקען לייכטען, ווי אַ שטענדיגע זון זאָל פון זיי אַראָפּשיינען. אירע איידעלע זילבערנע פינגערלאַך, שפּרינגען פלינק אַרום אויף די שוואַרצע קלאַוויר ביינדלעך. זי דרייט אויס איר ראָזאַ עטוואַס פּאַרויטעלט געזיכט און אַ צופרידענער שמייכעל פון דעם געלונגענעם אַקאָרד, ווייזט זיך אויף אירע קאַרמין רויטע ליפּען. די בלויע סאַפיר אויגען גלאַנצען פון ענטוזיאַזם ווי פייערלעך. ער פילט זיך דאַן אין אַ גליקליכען עקסטאַז און שכרות, זיין האַרץ איז אָנגעפילט מיט פרייד און געזאַנג, ווי אַ פרילינג אינזעקט אַרום אַ פרעכטיגע רויז, די פיס הייבען זיך צום טאַנצען. אַ זוניגער נאָכמיטאָג, די לופט איז אָנגעפילט מיט שמעקענדיגע ריחות פון פרישע צעבליטע רויזען, פרישע היי, שטיל פּלאַטערט די ווייסעל אין אירע רעגולירטע ברעגעס, ווי זי זאָל דרימלען אַ נאָכמיטאָגדיגען שלאָף. ער שיפט זיך מיט ראָשאַזען אין אַ לאָדקע צו וועלכע עס איז צוגעטשעפּעט אַ זעגעל, לאַנגזאַם גליטשט זיך עס אויף דעם גלאַנציגען וואַסער שפּיגעל. ער בליקט אַ פאַרחלומטער, אויף דעם ווייטען בלויען הימעל, און וועבט זיסע חלומות איבער זיין צוקונפט מיט רוזשאַ'ן, נאָכדעם ווי ער וועט אויסשטודירען אַלס דאָקטאָר מעדוצינער. ער טרוימט פון אַ האָכצייט רייזע איבער איטאַליע, שיפען זיך מיט אַ גאָנדאָלע אין ווענעציע, באַזוכען די אַלטערטימליכקייטען פון רוים. דעם ווערזאַוויאַש פּאָמפּעא. באַלד ווערט אַלעס פאַרשוואונדען אין זיינע אויערען הילכט נאָך אַלץ דער מוראַדיגער קנאַל פון דער גרוזאַמער באָמבע, וואָס האָט צעלייגט זייער הויז, צושטערט זיין גליק, דערהאַרגעט זיין מוטער. באַלד דערנאָך איז ער אַנטלאָפען מיט זיין כלה, אויף דעם וועג, האָבען זי די דייטשע רוצחים

דערשאָסען בעת אַ לופט אַנגריף אויף דער ציווילער באַפעל־קערונג, בעת זיי האָבען געוואַנדערט אויף דעם שאָסעע, און צוגערויבט ביי אים דאָס לעצטע און טייערסטע פון זיין הארץ. אַלעס איז אים געשטאַנען פאר די אויגען, דער גרוילינער מאָמענט פון איר טויט, דער לעצטער געשריי וואָס איז פאַר־בליבען אין זיין הארץ ווי אַ טיפער, אייטערדיגער וואונד. איר פייערדיג געזיכט פון היץ און יסורים ווי אַ זון אונטערגאנג. אירע בלייכגעוואָרענע ליפען האָבען נאָך געשעפּטשעט אומ־פארשטענדליכע ווערטער. זי איז אויסגעגאנגען אויף זיינע הענט ווי אַ ליכט. די דורכגייער האָבען אים קוים אוועקגעריסען פון איר טויטען קערפּער און זי באערדיגט אין וואלד. אַ גאנצע נאכט איז ער געזעסען אויף איר קבר און געוויינט, געוואָלט זיך אויפהענגען אויף דעם בוים נעבען איר קבר, כדי צו בלייבען אויף אייביג מיט איר. נאָר דער שטראָם מענשען, וואָס האָט אונאויפהערליך געפלאָסען אויף דעם וועג אין וואלד, האָט אים מיטגעשלעפּט ביז לעמבערג. אין לעמבערג איז אים אויסגעקומען צו טרינקען דאָס רעשטעל פון דעם ביטערען כוס, אויסלערען דעם כוס התרעלה ביז דעם דנאָ. הונגער, נויט און עלענט זיינען געווען זיינע טאָגטעגליכע חברים, וואָס האָבען אים באגלייט אויף טריט און שריט. צו קיין מסחרים האָט ער נישט געטויגט און אויך נישט געהאַט קיין צייט זיך דערמיט צו פארנעמען. זיין איינציגער ציעל איז איצט געווען די מעדיצין, וועלכע ער האָט איצט געווידמעט אלע זיינע כוחות און זיין גאנצע ענערגיע. פריער איז עס ביי אים געווען בלויז אַ נעבען זאַך, אַ וועג צום גליק, אַ מין מלאכה וועלכע וועט אים גליקליך מאכען מיט זיין אויסדערוויילטער. איצט ווען זיין היים איז פארניכטעט געוואָרען, די מוטער איז טויט, זיין גליק איז פארשניטען געוואָרען, דאָס לעבען איז ביי אים געוואָרען פוסט ווי אַ מדבר, איז די לערע געבליבען פאר אים אַ מין־אזיס, איין אידעע מיט אַ לעבענס תוכן, צוליב וועלכען עס לוינט זיך צו אָפּפערען זיינע

לעצטע כוחות. וואָס טיפער זיך איינגראָבען אין איר כדי צו דערגעהן די סודות פון מענשליכען ווענזן. באַקענען זיך מיט אַלע מיני רפואות צו זיינע קערפּערליכע ליידען. דאָס האָט אים אין אַ געוויסען זין פאַרלייכטערט זיינע אייגענע גייסטיגע און פיזישע ליידען. עס האָט זיך אים צומאָל אויסגעדאַכט אַז ער שטעהט ווייט פון דעם גאַנצען טומעל אין ביטערען געראַנגעל פון מענש מיט מענש חיה, זיי האָבען אים אַלע אויסגעוויזען ווי די באַקטעריעס וואָס באַקעמפען זיך געגענזייטיגט, וועלכע ער האָט אָפט אָבסערווירט דורך דעם מיקראָסקאָפּ. האַלבע נעכט איז ער געזעסען ביי די מעדיצינישע ביכער און זשורנאַלען כדי וואָס מער צו פאַרגעסען אין אַלעמען אין די אַגאַנקעס רייען נאָך פּראָדוקטען איז ער זעלטען געשטאַנען, מיטאַג האָט ער געגעסען אין דער סטודענטען קיך, געלעבט נאָר פון דער קליינער סטיפּענדיע. נאָר נאָך ברויט איז אויסגעקומען צו שטעהן אין דער רייע. אָפט האָבען אים די חברים אויך באַזאָרגט מיט ברויט.

דאַמאָלס ווען זיינע פאַרדעקטע האַרץ וואונדען האָבען זיך ביי אים געעפענט, פלעגט ער אוועקליגען שעה׳ן לאַנג אויף זיין בעטעל און קוקען ווי אַ צעמישטער מיט פייכטע אויגען אויף דעם סופיט. ער האָט דאַמאָלס צו קיינעם נישט גערעדט און נישט געהערט וואָס מען רעדט צו אים. זיין נשמה האָט דאַן ארומגעבלאָנקעט אויף דעם בית־הקברות ווי זיין מוטער איז באַגראָבען. אויף דעם איינזאַמען קבר אין וואלד פון זיין כלה. דאַמאָלס האָט זיך אים אויסגעדאַכט אַז די גאַנצע וועלט איז נישט מער ווי איין בית־הקברות, אויף וועלכען עס בלאָנקען ארום פּוסטע שאָטענס פון מענשען אָן אַ ציעל און אָן אַ סוף, אָן אַ היינט אָן אַ מאָרגען, נישטאָ קיין גליק, נישטאָ קיין פרייד, בלויז טויט און חורבות, חורבות און טויט.

## קאַפּיטל 10

לייביש ראָט'ס מוטער האָט געוווינט אין זלאָטשוב ביי אירס אַ ווייטען קרוב, נאָר ער אליין האָט זיך אויפגעהאלטען אין לעמבערג, כדי צו רעאליזירען זיין אמאָליגען טרוים פון דער קונסט שולע. שווער איז אים אָנגעקומען דאָס איינאָרדענען זיך, ער האָט זיך פשוט פארלוירען. אין דעם כאָאָס און ווירוואר ווי א זאמדעל אין ברויזענדען ים, נישט געוואוסט ווי זיך צו קערען, און צו וואָס זיך צו טשעפּען, עס איז גאָרנישט געווען דאָס לעמבערג וועלכעס ער האָט איינמאל באזוכט פאר דעם קריג, פון וועלכען ער האָט כסדר געחלומט דאָרט צו לערנען זיך און צו וואוינען. די פּראכטפולע גאסען, די שעהנע שוי פענסטער, די עלעקטרישע רעקלאמעס איבער די פולע מאגא־זינען, די מענשען פיין געקליידערט, מיט צופרידענע געזיכטער האָבען ארומשפּאצירט אויף די ציכטיגע טראטוארען און ברייטע בולווארען, גלייך ווי אַ שטענדיגער יום טוב זאָל דאָרט געווען זיין. איצט האָט זיך אלעס מיטאמאָל געענדערט נישט צו דערקענען די ריזיגע געוועלבען און מאַגאַזינען זיינען פוסט, נישטא קיין זכר פון אמאָליגען רייכטום, די גרויסע שויפענסטער זיינען פארריטשט מיט ראָלעטען. מען זעט נישט מער ביינאכט די רעקלאמעס פון עלעקטרישע לעמפלעך. די מענשען זיינען ווי פארווילדעט געוואָרען. אויף אלעמענס פּנימער איז קענטיג אַ שרעק און אומזיכערקייט. אלעס איז מיטאמאל אויסגעהונגערט געוואָרען גייציג נאָך געלט, סחורות און וואלוטען. נישטא קיין אידעע, עטיק, יושר, דאָס אלעס איז געבליבען פארפאקט אין די ביכער. דאָס איז אַ מבול וואָס ווייסט נישט פון קיין שום גרעניץ. צוריק האָט אויפגעלעבט דער

געזעץ פון גוטע אָרימס, זיך צו שטופען אין דער רייע. ווער עס האָט גוטע באקאנטשאפט מיט די ניי אויפגעקומענע מאגאזינערען און דירעקטאָרען. ווער עס האט א גוטען קאָפּ צו דרייען אַ רעדעל, קויפען און פארקויפען, דער לעבט אַ גוטען טאָג און זאמעלט אוצרות. וואָס מער ערליכער און ארבייטזאמער, דער ליגט ניין איילען אין דער ערד אין הונגער און קעלט. איצט ברויך מענטשן קיין קונסט בילדער. טייערע בילדער ווערען פארקויפט פאר אַ שיבוש אויף דעם אלטווארג, צווישען שמאטעס מיט אלטע כלים, בעת זיירע שעפער דרייען זיך ארום הונגעריג. דאָס זעלבע איז אויך מיט קינסטלער פון אנדערע געביטען און מיט געלערענטע. איצט איז אַ נאכפראגע נאר אויף מאנופאקטור, לעדער, שפייז, גאָלד מיט פרעמדע וואלוטען. ער האָט זיך געשפירט אומעטום פרעמד און איינזאם, נישט געקענט זיך איינלעבען אין דעם עולם התוהו. פרעמד איז אים אויך געוועזן די שולע, די לערערס מיט די שילער עס האָט אים נישט געפרייט דאָס וואָס די לערער זאָגען אים פּאָר, אַ גרויסע קאַריערע. זיין הארץ איז געווען פארגיפטעט פון שנאה און אומצוטרוי צו אלעמען זייט דער גרויזאָמער שחיטה-נאכט. די גאנצע שולע האָט אים אָפּט מאל אויסגעוויזען ווי אַ באל פאר איין אבל, איין איבערלעבונג אויף אייגענעביינער, דעם תתחדש פון דוד פרישמאן. צומאל האָט ער פארבלאנקעט אין אַ טעאַטער אָדער קינאָ. דאָס האָט אים אויך נישט געהאָלפען פארטרייבען דעם טרויער און ביטערניש פון זיין האַרץ. די גאנצע וועלט האָט אים אויסגעוויזען אַ טעאַטער בינע, די מענשען זיינען ארטיסטען וואָס שפילען אָפּ זייערע טראַגישע ראָלעס דאן פארשוואונדען זיי פון דער ארענע. די דורות זיינען איין קייט פון פיין און ליידען, גליק און אומגליק, פריידען און ליידען זיינען צונויפגעקייטעלט אין איין לאנגע קייט, צונויפגעמישט ווי א קאשע, אין דעם קאָכעדיגען קעסעל וואָס הייסט לעבען. בעסער האָט ער זיך געשפירט אין די אווענטען,

ביי זיך אין שטיבעל ביי די פּסיכאָלאָגישע ווערק, פון די גרויסע דענקער, אין וועלכע עס ווערט באַלויכטען דער מענש, די טיפענישען פון זיין נשמה, דער ים פון צער און ווייטאג וואָס ליגט דאָרט אָנגעזאמעלט, דעם פארצווייפעלטען געראנגעל פון מענש מיטן חיה'שען מיטמענש. פילאָזאָפישע און וויסענ־שאפטליכע ביכער איבער דער נאטור און אלוועלט, אין וועלכע ער האָט געזוכט דעם מקום מקלט, אַ מין אָפּיום וואָס האָט אים אַביסעל פארטויבט. דאָרטען אין דער אלוועלט, איז זיין גאנצער איך מיט אַלע זיינע ליידען אויף אַ מאָמענט פארשוואונדען ווי טונקעלניש אקעגען ליכט. איצט האָט ער אָפּטער געלעזען די אידישע ליטעראטור, די טראגעדיעס פון אידישען לעבען, דעם טרויער און געוויין פון דער אידישער נשמה. זיי זיינען איצט אלע אזוי נאָענט געוואָרען צו זיין הארץ גלייך ווי זיי וואָלטען ספּעציעל פאר אים געשריבען געוואָרען. אָפטמאל פלעגט זיין חבר דער סטודענט אין מאָמענט פון טרויער און הארצווייטאנג,, שפּילען אויף זיין פידעל, זיס בענגליכע מעלאָדיעס פאָלקס לידער, וועלכע האָבען אים אַ סך דערמאנט אין דער גליקליכער צייט מיט זיין טייערע מוטער, ווען ער פלעגט שפּילען אויף דעם פידעל און זיין כלה האָט אים אקאָמפּאנירט אויף דעם פארטעפּיאן, אַ לעבען וואָס האָט אויסגעזען אַ קעגען דעם איצטיגען ווי אַ מעשה פון טויזענט אין איין נאכט. געוויינט האָט זיין פידעלע, געוויינט האָט זיין נשמה אויף דעם גרויזאמען טויט פון זיין מוטער, אויף דעם איינזאמען קבר פון זיין כלה, אויף דעם קורצען און טראגישען לעבען וואָס ענדיגט זיך מיט דעם טויט. אויך ביי לייביש ראָט פלעגט דאָס פידעלע ארויסרופען פארשידענע דעראינערונגען, פון טיילווייז פאר־געסענע מאָמענטען ווען ער האָט געזונגען אין שוהל נעבען דעם ארון קודש די סאלאָס. דאָס גאנצע שטעטל איז פאר אים אין די מאָמענטען דורכגעגאנגען פאר זיינע אויגען ווי אַ קליינינקער פארשוואונדענער גן־עדן אויף אַ קינאָ עקראַן. די

נידריגע, האַלצערנע הייזלעך, די שמאַלע געסלעך, ווי אַ יעדער שטיינדעל איז אים געווען נאָנט צום הארץ און אלע איינוואָהנער האָבען אים אויסגעוויזען ווי איין משפחה. פראכטפול ווי אַ צויבער גאָרטען האָט אויסגעזען די בלאַניע ארום דעם סאַן אין פרילינג. די פריש אויפגעגאנגענע פעלדער ווי גרין געבלע־מעלטע טעפיכער. מיט אַ קינדישען ענטוזיאזם פלעגט ער פארטאג דאָרט ארומשפאצירען און אָבסערווירען די ציטערדיגע בלעמלעך און גרעזלעך, באדעקט פון פרימאָרגען טוי, ווי מיט קלייניקע פערל. די בלויע סאמעטענע און רויט ברענענדיגע רויזען האָבען אים פארכישופט ווי לעבעדיגע בלויע אויגען און רויט פלאַמענדיגע ליפען. איבער אלעמען האָבען געקרויזט מחנות פייגעל, מיט אַ פרייליכען שוויטשעריי. עס האָט זיך אים אין די מינוטען אויסגעדאכט אז די גאנצע ערד זינגט מיט צענדילגער מיילער אין אומבאקאַנטע שירה, די פייגעל, די בוימער און די גראָזען. דאמאָלס האָט אויך זיין הארץ מיט־געזונגען און עס האָט זיך אים אויסגעדאכט, אז ער איז אויך אַ טייל פון דער לעבעדיגער נאטור. שנעל פלעגט ביי אים אדורכלויפען דער זומער, איידער ער האָט זיך נאָך רעכט אָנגעזעטיגט מיט אים, האָט אָנגערוקט דער חודש אלול, ער האָט דערהערט דעם שופר סיגנאל און דערשפירט דעם מיסטיש־ספעציפישען אידישען אומעט און בענקשאפט וואָס האָט זיך אויסגעשפרייט איבער דעם אידישען שטעטל, אויף די צייטיגע ביימער, האלב אָפגעהוילטע פעלדער אויף וועלכע עס זיינען פארבליבען פון אלע זייטען הויכע געלע איילבירטען וואָס האָבען אויסגעזען ווי קאָקעטישע פריילינס מיט בלאנדע צעפאלעווטע האָר. עס האָבען זיך אָנגעהויבען די פארנעפעלטע פרימאָרגענס, זישאלע שמש האָט געוועקט פארטאג צו סליחות. דאמאָלס איז ער אָפגעזעסען האלבע טעג ביי יאטשע חזן צוזאמען מיט זיינע חברים און געלערענט זיך די ימים נוראים־דיגע ניגונים. דאמאָלס איז זיין מוח געווען פול מיט רייכע

פאנטאזיעס איבער זיין צוקונפט אין דער ברייטער וועלט. היינט זעט ער אז דאָס שטעטל פון וועלכען ער איז פארטריבען געוואָרען איז געווען דער גן־עדן פון וועלכען מען האָט אים אזוי גרויזאם ארויסגעיאגט און ביי דעם טויער שטעהט אויך דער להט חרב המתהפכת. ער פלעגט דאן אויפזינגען, איך וויל צוריק אַ היים אין שטעטעלע מיינס, איך וויל נישט זיין מער דאָ ווי קיין פריינטשאפט איז נישט דאָ. זיגא האָט אים צוגעשפילט מיט דעם פידעלע, עס האָט זיך אויסגעדאכט אז דאָס איז דער טרויער פון אלטע לייט, וועלכע דערמאָנען זיך אין דעם פרילינג פון זייער לעבען, אין די פרעכטיגע קינדער יאָרען, וואָס זיינען שוין לאנג לאנג פארשוואונדען געוואָרען, פארדעקט מיט דעם געלען פארראָסטעטען שטויב דעק, וואָס הייסט צייט. צווישען זיי ביידע האָט געהערשט אַ הארציגע, ברודערליכע פריינטשאפט. כאָטש זיי האָבען געשטאַמט פון פארשידענע ריכטונגען, דערצויגען אין גאנץ אנדערע סביבות. עס האָט זיי אָבער געאייניגט דער בשותפות'דיגער טראַגישער גורל די אנטוישונג אין דעם מענש אין וועלכען זיי האָבען ביידע שטאַרק געגלויבט. שעה'ענווייז פלעגען זיי פירען געשפרעכען דיסקוסיעס איבער ליטעראטור, קונסט און וויסענשאפט. עס האָט זיך דאָרט געשפירט די ווארעמע אטמאָספערע פון יונגע סטודענטען. דער דריטער קווארטיראנט אין דעם שטיבעל איז געווען אַ יונגערמאַן פון אַ קליין שטעטל נעבען ריישא. זיין נאָמען איז געווע חיים שטיין. דער איז געווען אַ גאנץ אנדערער טיפּ פון זיי ביידע. אין זיין בלייך געזיכט, פארחלומטע אויגען, עטוואס געבויגענע פלייצע, האָט מען געקענט זען אז ער איז ערשט אוועק פון בית־המדרש, ער האָט נאָר וואָס צוגעמאכט די גרויסע ווילנער ש"ס גמרא מיט דער דעה זי באלד ווידער צו עפענען און ווייטער צו וועבען זיינע חלומות איבער די ווייטע עולמות. יאָרען לאנג האָט ער געפירט איין אסקעטיש לעבען, געווען אָפּגעזונדערט פון דעם עולם הגשמי,

מיט אלע אירע זינד און פארגעניגענס, געלעבט אין זיין אייגענער וועלט, פארשלאָסען אין די ד׳ אמות של הלכה, צווישען די בית־המדרש ווענט. אין דעם קליינעם האלב טונ־קעלעם ביאנער קלויז, אין רישא האָט ער פארבראכט א סך יאָרען. פון פארטאָג ביז שפעט אין דער נאכט, זומער און ווינטער איז ער געזעסען ווי א צוגעקאָוועטער אין זיין ווינקעל און צוגעברימט זיך דעם הארציג בענגליכען גמרא ניגון. אים האָט נישט געצויגען אין דער ברייטער גרויסער רוישענ־דער פרייד און טרויערפולע זינדיגע וועלט. אין דעם קליינעם קלייזעל האָט ער געהאַט זיין אייגענע וועלט, נישט איינע נאָר אסך עולמות וועלטען גייסטיגע, רוחניות׳דיגע, אַקעגען וועלכע די גשמיות׳דיגע איז בטל געוואָרען ווי אדוירכפליענדער שטן אקעגען דער ליכטיגער זון. אויסער דעם ברויזענדען ים התלמוד, אין וועלכען ער איז פריי ארומגעשווימען, איז ער אויך אריינגעדרונגען אין דעם סודות׳דיגען פרדס אין די ספרי קבלה, וועלכע האָבען פאר אים געעפענט די געהיימניספולע וועלטען, דעם עולם האצילות — אידעען וועלט — עולם המחשבה — געדאנקען וועלט — עולם היצירה — שאפונגס וועלט — עולם הנשמות. ווי אין וועלכען אָרט ער האָט זיך געקערט האָט ער דערזען אומצעליגע וועלטען סודות, גלגולים, מיט נצוצים קדישין — הייליגע פינקען — וואָס ליגען אוים־באהאַלטען אָדער וואנדערען פון איין אָרט צום צווייטען, פון מדרגה צו מדרגה — פון איין שטאַפּעל צום אנדערען — פון דומם צום צומח, פון צומח צום חי און פון חי צום מדבר — פון שטיין צום שפראַצונג, פון שפראַצונג צום לעבעדיגען, פון לעבעדיגען צום מענש — אלעס שטרעבט און לעכצט צו דערגרייכען די העכסטע שטופע צו דעם שלימות׳דיגען, דאָס הייסט צום מענש, און דאָרט צוריק באקומען זיין תיקון, ווידערקערען למקור מחצבתה, — צו איר אָפּשטאמונגס אָרט,

דורך מצות מעשיות, תפילות און היילגע מחשבות. דער מענש טראָץ דעם וואָס ער איז געבוים פון אַמגושמדיגען זינדיגען חומר איז ער דער מבחר היצירה, דאָס בעסטע און וואונדער־ליכסטע פון אלע שאפונגען. אין אים קומען זיך צונויף דאָס גשמיות׳דיגע, דאָס ערדישע מיט דעם רוחניותדיגען, הימלישען, אין געשטאלט פון צוויי געדאנקען, דער יצר טוב און דער יצר הרע, וועלכע פירען אין אים אַ שטענדיגען קאמף, פון דעם געבורטס טאָג ביז דעם טויט. זיין אויפגאבע איז צו באקעמפען די אלע ערדישע תאות כדי צו שטייגען העכער און העכער פון מדרגה צו מדרגה.

דער וועג וואָס האָט אים פון אָנפאנג אויסגעוויזען שווער און אומדערגרייכבאר, ער האָט געפאָדערט פרישות, אָפשיידען זיך, אנטזאגען זיך פון תענוגים, זריזות, פלינקייט, אַ ביסעל סיגופים און אסקעטיש אויפפירען זיך, קדושה און טהרה, היילינקייט און ריינקייט. מיט דער צייט האָט ער זיך אין אים איינגעלעבט און געשפירט דערין גליקליך, העכער פון אלעמען, ווייט פון דעם גרויסען טאָגטעגליכען דאגות׳פולען לעבען, אין אַ מין יום טוב׳דיגען אצילות׳דיגען. ער האָט אָנגעהויבען צו באגרייפען די ג־טליכע געהיימניסען. מיט ביטול און מיטלייד האָט ער געקוקט אויף די זינדיגע מענשען, אויף זייערע פארצווייפעלטען לעבענס געראנגעל און געיעג נאָך ווערטלאָזע תענוגים, ווי אויף קינדער וואָס שפילען זיך לויפען נאָך נארישע שפילעכלאך בעת עס ליגט פאר זיי אָפען גאָלד מיט בריליאנטען און זיי בויגען זיך אפילו נישט אָן דערנאָך. דרך אגב האָט ער אויך אדוירכגעלערענט די חקירה ספרים וואָס זיינען אים געקומען אונטער די האנד, דעם אמונה והדעות, דעם כוזרי, דעם מורה נבוכים, עקרים און ספר הברית, דעם עקדת יצחק, וועלכער האָט אים באלויכטען דעם שכל פון א יעדע מצוה מיט אַ טיעף רעליגיעזע פילאָזאָפישען ליכט.

זיין הויפּט רבי און מורה דרך פון דער יוגענד אָן, איז געווען דער גאון און מקובל ר׳ יוסף רייך דער דיין און ראש ישיבה אין רישא, אַ איד וואָס האָט געשמ׳ט אין גאַנצען געגענד מיט זיין צדקות און וואונדערליכע התנהגות. אַן אמת׳ער שונא בצע, נישט גענומען קיין געלד פאַר דין תורות, זייענדיג דער בעסטער מוהל אין רישא האָט ער ביי קיין שום בעל-ברית נישט געוואָלט נעמען קיין געלד, פאַר קיין מצוה נעמט ער נישט קיין געלד. מאָנטאג און דאָנערשטאג געפאַסט, קיין שום טאָג נישט געגעסען פאַר צוועלף אַ זייגער, אויף געווען גאַנצע נעכט און געלערענט נגלה און נסתר. דערצו איז ער געווען אַ זעלטענער בעל קורא און בעל תפלה. זיין אָנזען איז געווען אזוי גרויס אז עס איז געווען אַן ערע מיט אים צו רעדען או צו געהן איבער די גאַס. מיט חיימלין פלעגט ער אסך צו פאַרברענגען אין לערנען, חסידישע געשפרעכען, איבער הויכע קבלה ענינים אין כתבי אר״י ז״ל וועלכעס ער האָט זיך פאַר קיינעם נישט פאַרטרויעט. אין אים האָט ער געזען אַ תלמיד חבר וועלכען ער האָט געשעצט. ער איינער האָט פאַרשטאַנען זיין הארץ, אויפגענומען זיינע הויכע מחשבות. חיימיל האָט געהאַט אַ חיות אים צו האָרכען, ספּע-ציעל ווען ער האָט דערציילט חסידישע מעשיות פון בעל שם, פון חוזה מלובלין מיט אַזאַ התלהבות און געפיל, אזביידע האָבען עס איבערגעלעבט גלייך ווי פאַר זייערע אויגען וואָלט עס פּאַסירט.

דער שענסטער מאָמענט אין זיין לעבען וואָס איז אים שטענדיג געשטאַנען פאַר די אויגען איז געווען אַ שבת ל״ג בעומר, ווען זיין רבי האָט אים מיטגענומען אין אַ שכנות׳דיגען דאָרף אויף אַ ברית. דעם גאַנצען שבת האָבען זיי פאַרברענגט אין התבודדות אין צווייען, אין אַ באַזונדער שטיבעל אין הויכע התלהבותדיגע שמועסען. שפּעט ביינאַכט ווען אַרום זיי

האָט געהערשט אַ טויט שטילקייט, עס האָט זיך געהערט נאָר דאָס שטילע סודותדיגע ביימער געשפּרעך, אין שטיבעל האָט געצאַנקט דאָס שבתדיגע לעכט. דאַמאָלס בנפול תרדמה על כל אדם — אַ קאַבאַליסטישער באַצייכנונג פון דער שפּעטער סודותדיגער נאַכט ווען אַלע מענשען זיינען פאַרזינקען אין טיפע שלאָף — האָבען געדעט ווענען דעם סוד פון קדושת שבת, אַז מען איז זוכה און מען באַקומט אָפּענעאויגען און אויערען, דערהערט מען און מען דערזעט, די שבתדיגע מנוחה פון אַלע ווינקלען, פון דער ערד, פון די בוימער, אפילו פון די ווענט אויף וועלכען עס איז דאָ אַ רמז ואבן מקיר תזעק וכפים מעץ ירנן — דער שטיין פון דער וואַנט וועט שרייען און דאָס הענטעל פון האָלץ וועט זינגען — די גלגולים און אַלע רשעים אין גהנום האָבען מנוחה אין דעם טאָג וואָס איז מעין עולם הבא. ביידע האָבען זיי דאַמאָלס געהאַט אַ שטאַרקע שבתדיגע התלהבות גלייך ווי זיי וואָלטען אַרומגעשוועבט אין די ווייטע עולמות. שפּעטער האָבען זיי געלערענט די אדרא קדישא, דעם זהר אין וועלכען עס ווערט ברייט און קלאָר־פול אַרומגערעדט און געשילדערט די פּטירה פון דעם גרויסען תנא רבי שמעון בן יוחאי. ער איז דערנאָך איינגעשלאָפען מיט זיסע און וואונדערליכע חלומות. בייטאָג נאָך דער סעודה האָבען זיי אויפסניי פאַרברענגט אַ פּאָר שעה ביי דעם טייך און פאַרגעזעצט זייער נעכטיגען געשפּרעך. מיט ענטוזיאַזם האָבען זיי אָבסערווירט דעם טיעף בלויען תכלת הימעל — וואָס האָט אַ געוויסע פאַרבינדונג מיט דעם געבאָט צו טראַגען תכלת כדי זיך צו דערמאַנען אין הימעל — די צאַרטע גרעזאַלעך און בלימאַלעך וואָס האָבען געציטערט פון ווינט, דאָס פרייליכע פויגעל געזאַנג. זיי האָבען אין אַלעם געזען סודות נפלאות אין אַלעם איז געווען קענטיג אַ געהיימער רוח חיים, לעבענס אָטעם, נצוצין קדישין, הייליגע פונקען, אַלעם האָט געלעבט און געזאָגט שירה, אַלעם האָט געלעכצט

נאָך אַ תיקון, נאָך דערלייזונג, צו הערען אַ ברכה, אַ תפלה, מכווין זיין אַ כונה איבער זיי, די גאַנצע וועלט איז דאַמאָלס ביי זיי געווען אַקעגען דעם אַלעמען ווי אַ קינדער שפּיל.

דער גרויזאַמער היטלער הוראַגאַן האָט אים אַרויסגעריסען פון זיין גן־עדן, צעטרויטען די טשעפּליאַרניאַ דאָס גלאַז אַרום די רויזען, זיין גאַנצע סביבה אין וועלכער ער האָט געלעבט, און פאַרשלעפּט קיין לעמבערג אין אַ גאַנץ פרעמדע פאַר אים וועלט. ער איז געווען אַ שטיקעל קרוב פון לייביש ראָט האָט ער אים אַריינגענומען צו זיך אין דעם שטיבעל אַריין. דאָ זיינען מיטאַמאָל פאַרשוואונדען געוואָרען זיינע זיסע חלומות און הויכע מחשבות, ווען ער האָט זיך צונויפגעטראָפען מיט דעם שווערען ביטערען טאָג טעגליכען לעבען. ער האָט געמיזט אָפּשטיין גאַנצע טעג אין די רייע כדי זיך מפרנס צו זיין. נאָר אין די אָוונטען פלעגט ער אַרייקוקען אין אַ ספר וואָס ער האָט זיך גענומען אין אַ קלייזעל. דאָס ספרל האָט אים דערמאָנט אין זיין פאַרשוואונדענעם גליק, אין זיין רבין וואָס האָט אים געהייסען אַנטלויפען כדי ניצול צו ווערען פון דעם דייטשען מלכות הרשעה. ווער ווייסט וואָס פאַר אַ צרות און יסורים ער לייד׳ט דאָרט ביי די רשעים. ער האָט זיך דערמאָנט אַז נאָך מיט עטליכע יאָר צוריק האָט ער אים אַנגעוויזען וועגען די שווערע גזירות וואָס רוקן זיך אויף די אידען. דער דור איז נאָך נישט ראוי צו דעם וואָס דער תולדות יעקב יוסף — אַ תלמיד פון בעל שם־טוב — איז מרמז אין פרשת כי תשא, אויף דער יאָר תש״א, אַז יתאחדו החומר והצורה והכל יהיה טוב, דאַמאָלס וועט זיין די וואונדער־ליכע צייט פון דערלייזונג עס וועלען פאַראייניגט ווערען די מאַטעריע מיטן געשטאַלט, דאַמאָלס וועלען זיך ערשט אָנהויבען די גזירות און צרות. איצט זעט ער ווי אַלעס הייבט אָן צו ווערען מקויים. נאָך די היים זיינע האָט ער נישט געבענקט אַזוי ווי נאָך דעם באַיאַנער קלייזעל.

## קאַפּיטל 11

אין דעם ענגען האלב פינסטערנעם שטיבעל, איז אומעטיג. אַ בענגליך נאכטיגע שטילקייט ליגט אויסגעשפּרייט אין אלע ווינקלען. דורך דעם געפרוירענעם פענסטער פאלען אריין מאטע ליכט שטראלען פון דעם דרויסעדיגען גאז לאָמפּ. ערגעץ ווייט שפּיל אַ ראדיא פרייליכע טאנץ מוזיק. אַ כאָר פון סילוועסטער לידער. מענשען יובלען, באגעגענען מיט פרייד און געזאנג דאָס נייע יאָר.

זיגאָ ליגט א טרויריגער אויף זיין אייזערנעם בעטעל, רויכערט אן אויפהער פּאפּיראָסען, עס שלאָפט זיך אים נישט, די וואנצען לאָזען אים נישט איינרוען. דאָס הארץ פרעסט אָן אויפהער דער יאוש און טרויער ווי איין אומזעבארער ווארם. ער האָט אים נישט געקענט פארטויבען אפילו מיט דער מאסע בראָנפען וואס ער האָט אויסגעטרונקען אויף דעם סטודענטישען באל, פון וועלכען ער איז ערשט נישט לאנג צוריק געקומען. ער האָט זיך דערמאנט ווי ער האָט פאראיאָר באגעגענט דעם סילוועסטער אין דער היים צוזאמען מיט זיין מוטער און כלה, דערנאָך אין קרייז פון סטודענטען. געבעכדיג און ווערטלאָז האָט אים אויסגעוויזען דאָס גאנצע איצטיגע לעבען, אקעגען דעם פריערדיגען, ווי אַ זוניגער פרימאָרגען אקעגען אַ טריבען העבסט אָוועגט. אין זיין מוח האָט אויפגעבליצט דער געדאנק, צו לוינען זיך די אלע ליידען, צו קען ער זיך שוין ווען דערוואַרטען אויף אַ צופרידען לעבען. פאר אים איז שוין אלעם אָפגעשטאָרבען נישטא שוין מער פאר אים קיין גליק אויף דער וועלט. דאָס לעבען איז פאר אים נישט מער ווי איין שווערע משא פון וועלכע ער וואָלט

זיך אפשר באדארפט צו באפרייען. גוט וואָלט געווען ווען ער בלייבט אזוי איינגעשלאָפען אין איין אייביגען שלאָף, וואָלט ער פטור געוואָרען פון אלעמען. און אפשר לוינט זיך צו נעמען דערויף אַ ביסעל ציאנקאלי אָדער זאלץ זויער, דאָס הארץ שווידערט אים דערפון אויף, אלס מעדיצינער זעט ער די בראנד וואונדען וואָס ווערען דערפון אין האלדז און אין מאַגען. ער האָט זיך איבערגערעכענט ווי נאריש סתירותדיג עס לויפען זיינע געדאנקען. אָט קלערט ער זיך סמען, און דאַ ציטערט ער פאר דעם האלדז און מאַגען, גלייך ווי דער מענש וואָס האָט זיך געוואָלט טרינקען און האָט זיך דערשראָקען פאר דעם קאלטען וואסער. טיעף אין הארץ האָט ער געשפירט אז די אַלע פלענער זיינען נאָר סתם נארישע פאנטאזיעס. דער לעבענס אינסטינקט האלט אים נאָך צו מיט אייזערנע צוואנגען, טראָץ זיינע פארקערטע איבערצייגונגען. ער האָט זיך געוועגדעט צו לייביש ראָט, ווען עס איז זיך אויך נישט געשלאָפען. וואָס איז דאָס אזוינס לעבען, און זיך אליין געפריווט צו ענפערען. לעבען, דאָס איז די וואונדערליכסטע דערשיינונג אין דער נאטור. אַ קינסטליך געוועב פון קאנטראסטען, איין מיש מאש פון כעמישע, פיזיאלאָגישע און פסיכישע פראָצעסען, וואָס קרייזען אַנאויפהערער ארום אין דעם מענש און באוועגען אים ווי אַ מעכאניזם. לעבען, דאָס איז אַ מינוטיגער, בלינדער שטורם וואָס פליט מיט אַ ווילדקייט איבער פעלדער אין וועלדער,רייסט אוים די שוואכע בוימער מיט דעםווארצעל. עס דאכט זיך אז ער איז אומבאזיגבאר, אומגערעכט אָבער ווערט ער פאר־שוואונדען און עס בלייבט פון אים קיין זכר. דער מענש איז אויך אַ מין שטורעם, וואָס לויפט, פליט, רייסט איין אַ וועלט, וויל אלעם באהערשען, ווען אים געלונגט נישט צו באהערשען דאן צוטרעט ער אלעם וואָס עס שטערט אים אין וועג. וואָס איז זיין וועג, ווי אהין פירט ער אים, וואָס איז

זיין ציעל, וואָס איז דער טרייב קראַפט וואָס שטויסט אים קיינער וועט דארויף נישט געבען קיין קלאָרען ענפער. מיט אלע רעגירט דער בלינדער שיקזאל וואָס האָט קיין ציל נישט, קיין אָנהויב נישט קיין סוף. אלע זיינען באהערשט פון נארישע אילוזיעס, פליענדע פאטא מארגאנא בילדער, וואָס ווערען בליץ שנעל צורונען, פארשוואונדען אין דער פוסטער מדבר. דער מענש איז ווי אַ קליין זאמד שטויבעל מיט זיינע שאפונגען און דערגרייכונגען אקעגען דעם טויט וואָס שלינגט אים איין. אומבאגרינדערט, קינדיש נאַאיוו איז זיין פרייד און גליק. עס איז נישט מער ווי דער מינוטיגער אפיום, מיט וועלכען מען פארשיכורט דעם קראנקען, דאמאָלס ווען ער ווערט אמפיטירט. ניכטערט ער זיך אויס זעט ער זיין אומגליק, זיין אומבאהאָלפענקייט, דעם אומענדליכען תהום, אַפּגרונט וואס שטעהט פאר אים. געדעכט איז געווען דער פּערסישער פילאָסאָף מיט זיין קורצע שילדערונג פון מענש. ער ווערט געבוירען, ליידעט און שטארבט. לייביש ראָט האָט אים באשטעטיגט זיינע פּעסעמיסטישע געדאנקען. דו האָסט עס ריכטיג געשילדערט. די וועלט איז דער מעכטיגער ענדלאָזער שטורמישער אָקעאן, און וועלכען דער מענש שווימט ארום מיט זיין קליין זעגעל שיפעל. ער ווערט געשליידערט דורך די ברוויזענדא כוואליעס פון איין אָרט צום אַנדערען, ביז ער ווערט פארשלינגען אין די טיפענישען, באדעקט מיט דעם ים אויבערפלאך, פארגעסען פון אלעמען. עס זיינען פארהאנען מאָמענטען ווען איך שטעה מיט ערע געבויגען פאר דעם זשעני וואָס הייסט מענש. איך באוואונדער זיינע שאפונגען, זיין קונסט וואָס דערגרייכט ביז די טיפענישען פון די ערד און ימים, צום הימלישען הויך. אין אזעלכע מאָמענטען פון התפעלות נעמט מיך ארום אַ מיטלייד אויף זיין טראגישען גורל, אויף זיין קורץ ליידענפול לעבען וואָס ענדיגט זיך מיט טויט. ווען איך נעם זיך אָבער צו אנאליזירען זיינע מעשים,

זיין התנהגות, זיין היסטאָריע, דאן ווייזט ער זיך אין אַ גאנץ אנדער ליכט. פאר מיר שטעהט דאן אַ גרויזאַמע צווייפיסיגע חיה אַ פיעל ערגערע פון די פיר פיסיגע, וועלכע צוטרעט און און פארניכטעט אלע הייליקייטען מיט זיינע שמוציגע שטיוועל און ברוטאלער אייזערנער פויסט. זי איז בלוטדוירשטיגער נאָך מער פון אַ טיגער. עס דאכט זיך מיר צומאָל אויס אז די וועלט. איז נישט מער ווי אַ גרויסער דזשאַנגעל, אַ מין בראזיליש וואלד. אמערשט ווערט דער מענש פארכישופט פון דעם פארשידענארטיגען, פולפארביגען פויגעל געזאנג, פארשיכורט פון דעם רויזען אראָמאט. עס דאכט זיך אים אז ער איז לעבעדיגערהייד אריין אין אַ גן עדן. אין קורצען קומט אָבער זיין אנטוישונג, ווען ער דערזעט אין אלע ווינקלען, אונטער אַ יעדען בוים און קוסטע ליגט אויסבאהאלטען אַ גיפטיגע שלאנג, אַ בלוטדורשטיגע חיה, ארום די רויזען קרייזען גיפטיגע פליגען מיט מאָסקיעטן, וואָס ווארטען נאָר אויף אַ קרבן. אויך דער מענש ליגט אין זיין נארא פארדעקט מיט דעם פייגען בלאט וואס הייסט קולטור אין ציוויליזאציע, עס דאכט זיך דאָמאָלס אז די וועלט איז אַ גן־עדן אַ רויזען גארטען אין אַ געוויסען מאָמענט שטעהט ער צוריק אויף ווי אַ פארווילדעטער אָקס, וועלכער האָט זיך באפרייט פון זיין נאָז רונג, ארום אים ווערט א חורבן, די קולטור און עטיק וואָס איז געשאפען געוואָרען דורך געניאלע מוחות אין פארלויף פון טויזענטער יאָרען, ווערט אין איין מאָמענט פארניכטעט. דער נעכטיגער אונטערדריקטער ווערט צומאָר־גענס פארוואנדעלט אין אַ טיראן. די וועלט איז פול מיט רציחה, גנבה וגזלה, איז די איינציגע רפואה און טרייסט וואָס אויף אלעמען קומט אַ טויט און ענדע.

חיים שטיין האָט זיך איבערגעוועקט אין סאמע מיטען פון אַ גוטען חלום. פון זיין פריע יוגענט ער לערענט אין דער

ישיבה אין שטעטישען בית המדרש, ארום דעם טיש זיצען בחורים פון פארשידענעם עלטער, מיט לאנגע געקרויזטע פאות, טייל אין קיילעכיגע פוילישע היטלען. פון אויווען אָן, זיצט זיין רבי ר׳ יוסף רייך, אָנגעשפארט אויף דעם טיש, דעם קאפעליוש ארויפגערוקט, פארמוח׳ט. מען זעט ארוים זיין גאוינישען שטערן. די שטארק קורצזיכטיקע גלעזער גלאנצען פון דערווייטענס. זיין געזיכט און הדרתדיגע רויטע באָרד שיינט מיט צופרידענהייט און התלהבות, מען דערקענט אויף אים אַ הייליגע צורה. ער האָט איצט מוחין דגדלות׳ הויכע רעיונות, ער וועקט זיך איבער ווי פון אַ טיפען שלאָף, און זאָגט ווייטער דעם שיעור אין זבחים מיט זיין גוט באקאַנטען בענגליך אנגענעמען גמרא ניגון. אָט זיצט ער אין זיין ווינקעל אין ביאַנער קלייזעל נעבען דעם גליענדען אויווען, פאר אים ליגט אויפגעמישט דער חובת הלבבות שער אהבה, אין וועלכען עס ווערט אָנגעוויזען, דאָס אין דעם מענשס הארץ דארף פלאמען, אַ גרעניצלאָזע ליבע צו ג־ט. נעבען דעם ארון קודש שטעהט ר׳ קלמן קינסטלער, אן אלטער איד, מיט אַ שניי ווייסער בארד, די ברילען ארויפגערוקט אויף דעם שטערן, פארטיפט אין תהילים, ער זאָגט פונקט דעם פסוק הודיעני ד׳ קצי מידת ימי ואדעה מה חדל אני — ג־ט, טו מיר צווויסען די ענדע, די צאָל פון מיינע טעג — מיט אַ הארץ נאָגענדען ניגון גלייך ווי דאָס וואָלט געווען זיין אייגענע תפילה. אין יעדען וואָרט איז געווען אזוי פיל ברען און מתיקות וואָס האָט אים מיטגעריסען.

אלעם איז פארשוואונדען ווי אַ מוראזש אין דער מדבר. ער ליגט פארוואָרפען ווייט ערגיץ אין אַ מין שאול תחתיות, צווישען פרעמדע חברים וועלכע זיינען אויך פארוואָרפען געוואָרען צוזאמען מיט אים. דער ראדיאָ הילכער האָט אים נאָך מער דענערווירט, עס איז אים געקומען אין געדאנק

דער פסוק הרוג בקר ושחוט צאן כי למחר נמות, הארגע אַקסען און שעכט שאָף ווייל אלץ איינס וועלען מיר מאָרגען שטארבען. דערהערענדיג דעם דיאלאָג צווישען זיינע חברים איבער דעם לעבען און מענש, האָט ער אויך ארויסגזאָגט זיין מיינונג. יאָרען לאנג בין איך געווען אַ פרוש, אַ בודד, פארטיפט אין די הייליגע שריפטען, אין חקירה ספרים, פילאָזאָפישע ווערק, צו דערגעהן דעם מהות פון לעבען און טויט. די אויפגאבע פון מענש איבער זיין קורצען אָבער געגנוג שטורעמדיגען אינהאַלטסרייכען לעבען. וואו אהין ער דארף שטרעבען און וואָס דארף זיין דער ציעל. פארשידענע מאָמענטען האָב איך דאמאָלס איבערגעלעבט. עס האָט זיך מיר אָפט מאל געדאכט, אז די גאנצע וועלט איז נישט מער ווי אַ ריזיג בית-הקברות, די צייט איז דער קברן, וואָס פארדעקט אלעמען, יחידים און גרופען, דורות נאָך דורות, פעלקער נאָך פעלקער ווערען פארשלינגען אין דעם טיפען ערדישען איינגעווייד. ווי איך האָב געקוקט האָב איך נישט געזען מער ווי מצבות, סטאטוען, אין אלטע פארשטויבטע שריפטען. אפילו די הייזער און פאלא־צען, שטעט און דערפער, האָבען מיר אויך אויסגעוויזען ווי מאָנומענטען און פארבליבענע שפורען, פון די פארשווינדענע דורות. די מענשען ווי רוקענביינלאָזע ברואים, מוראשקעס, פליגען, בינען, וואס פליען און בזשאנקען, גרייטען צו אַ גאַנצען פרילינג, דעם האָניג, קוט דער הערבסט, ווערען אלע מיטאמאל פארשוואונדען אין דער ערד און לאָזען אלעס איבער נאָך זיך. אזוי דרייט זיך די וועלט אָן אויפהער, עס בליהט אויף אַ דור, ווערט פארשוואונדען דער פאָריגער, נאָך אים קומט דער דריטער און זיין צייט איז פארענדיקט. נישטא קיין גליק פאר דעם מענש ווייל אין אים אליין לעבט און וואקסט מיט דער אומגליק, ווי די קארע דו שאל מיט דעם בוים. אין דער יוגענט לויפט דער מענש ווי פארווילדעט נאָך דעם גליק וואָס עס געהט פאָראויס. עס דאכט זיך אים אז אָט אָט וועט ער עס

דערגרייכען. ער קען עס אָבער קיינמאל נישט דעריאָגען ווייל עס לויפט מיט די זעלבע שריט וואָס ער אליין. פונקט ווי די הינטערשטע רעדער קענען נישט דערגרייכען די פאָדער־שטע, ווען ער ווערט אלט דערזעט ער עס מיטאמאָל אונטער זיך, אַ יעדער מענש זעט עס נאר ביי דעם אנדערען און נישט ביי זיך, ווי די גמרא ברענגט אַ מעשה מיט משה רבינו׳ס קבר, די וואָס שטייען אונטער דעם בארג, זעען עס אויף דעם שפיץ בארג און די פון שפיץ בארג זעען עס אונטען. דער מאן זעט עס ביי דער פרוי און די פרוי זעט עס ביי דעם מאַן. ביידע צוזאמען זעען עס ביי דעם נייגעבוירענעם אומגליק, וועלכער וועט עס פריש זען ווייטער נאָך זיך, און פאר זיך. עס עקזיסטירט איבערהויפט נישט דאָס מין וואָס הייסט גליק. עס עקזיסטירט נאָר אַ ווילדער הונגער נאָך אים, וועלכער קען קיינמאָל נישט געזעטיגט ווערען. דער מענש קען נישט זאט ווערען פון קיין תענוגים, פונקט ווי ער קען זיך קיינמאָל נישט אָנזעטיגען מיטן לעבען. וואָס מער ער פארזוכט זיי אלס מער ווערט ער דורשטיגער, ווי ער זאָל טרונקען ים וואסער שעפען פון אַ ברונעם, מיט אַ שעפּער אָון אַ דנאָ, וואָס אמאָל ווערט ער מער הונגעריגער נאָך זיי. מיט דער צייט פארזינקט ער אין אַ טיפער בלאָטע, פון וועלכע אים איז שווער דערפון ארויסצוקריכען. זיין הארץ איז שוין פארוואנדעלט געוואָרען אין אַ מין תאוהדיגען מולך, פאר וועלכען עס פארשוואונדען אלע גרעניצען פון יושר און הומאניזם. ער ווערט פארוואנדעלט אין אַ בלוטדורשטיגער חיה וואָס זי פארצוקט אלעם וואס עס טרעפט אויף דעם וועג, כדי צו שטילען דעם גען פון גענום וואָס איז טיעף איינגעוואָרצעלט אין זיין הארץ. צו זיינע אויערען דערגרייכט שוין נישט מער דער געשריי פון קיין מוטער און יונגע קינדער. ער איז שוין אַ חיה און זעט אלע מענשען ווי חיות. מיט אַ ווילדען אַפּעטיט טרינקט ער דאָס בלוט פון אדוירגעשטאָכען מוטערליך הארץ, און אַ געשאָכטען

יונג קינד. דערמיט שפּייזט ער אויך זיינע יונגע וועלף און דערציט זיי אויך צו טרינקען בלוט. נאַציעס און גאַנצע פעלקער פאַרזינקען אין דעם שוואַרצען אָפּגרינט פון רויב געקרוינט און געהייליגט אַלס נאַציאָנאַלער אָפּגאָט אין וועמענס נאָמען אַלע גייען רויבען און שעכטען. אַנשטאָט גליק, קומט אויף זייערע פינסטערע פאַרבלוטיגטע חיהשע פּרצופים די קין קללה פאַר דעם ברודער מאָרד. אַזוי זעט אויס די גויאישע וועלט איבער אַלע צייטען, נישטאָ ביי זיי קיין הייליגטום, קיין רעליגיע, אַלעס איז נאָר אָפּגעליישטע שילדען, כדי צו פאַרדעקען דעם ווערמיגען תוכן, פון דער פויסט און שווערד. די רוצחים פירשטען און שקלאַפען הענדלער זיינען שטענדיג געווען דאָס אויבערשטע פון שטייסעל סיי ביי די מוסולמענער וואָס האָבען פאַרערט די שווערד און גערופען צו אַ הייליגען קאַמף סיי ביי די קריסטען וואָס האָבען מכלומרשט געפּרעדיגט מילדקייט צום שונא, אויפצושטעלען די באַק צום שלעגער. מיט באַשמוצטע הענט פון שקלאַפען האַנדעל, פאַרבלוטיגטע פון רויב און גזילה, זיינען זיי געקומען אין קירכע אריין זיך בוקען פאַר דעם שטיינערנען און האָלצערנעם מענשן אָפּגאָט. די קירכע כהנים האָבען זיי אויפגענומען מיט אָפענע אַרימס, מיט אַ זיסען שמייכעל ווי אַ סוחר געלעכצט נאָך דעם געלד וואָס זיי האָבען באַקומען און פאַר אַ בלויזען בייג אַ קוש פון שטיינערנעם אָפּגאָט האָבען זיי אים פאַרזיכערט מיט עולם הזה און עולם הבא. פאַר די אומגליקליכע שקלאַפען שעפּאַלעך האָבען זיי אויך געהאַט אַ זיסען שמייכעל, געהייסען זיין אונטערטעניג און געהאָרכזאַם דינען די רוצחישע הערשער. נישט געווען איינער פון זיינע גייסטליכע פון קלענסטען ביז דעם גרעסטען וואָס האָבען רעגירט איבער פעלקער און מלוכות, ער זאָל אַ געשריי טאָן די ווערטער פון דעם אידישען נביא ישעיה, ידיכם בדמים מלאו, אייערע הענט זיינען פול מיט בלוט און רויב פון אַלמנות און יתומים, וואָס איר באַרויבט

און הארגעט, זיי זיינען באַשמוצט פון שקלאַפען האנדעל. איר פארקויפט די אייגענע ברידער ווי די בהמות אויף דעם מארק. ווייל אויך זיי זעלבסט האָבען אַנטיילגענומען אין אַלע מעשים תעתועים, שלעכטע מעשים. זיי זיינען פון די אויף וועלכע דער אידישער נביא ישעיה זאָגט: זובחי אדם עגלים ישקון, שעכטען מענשען און קושען קעלבער, צום האָליץ און שטיין רופען זיי פאָטער און גאָט. דאָס איז געווען אמאָל און אויך היינט, די פוילישע און אוקראַאינישע גלחים זיינען די לערער און דערציער פון די רוצחישע ענדעקישע פאָגראָם באנדעס און אונדא באנדיטען און כוליגאנעם. אלע ווארטען זיי אויף דעם טאָג פון שחיטות אויף אידען. אין די טויזענטער דייטשע קירכעס בעטען די גלחים פאר דעם זיג פון זייערע רוצחים באַנדעס. נישט בעסער זיינען די נייע פרייע אידען זיי זיינען אַ טובל ושרץ בידו, באָדען זיך און האלטען דעם שמוץ אין האנד, פון איין זייט פרעדיגען זיי עטיק און יושר, דער מענש איז דאָס טייערסטע פון אלעמען. פון דער צווייטער זייט לערנען זיי די מענשען אז לית דין ולית דיין רח"ל, אַלעס איז הפקר, נישטאָ קיין שכר קיין עונש, וואָס מען כאַפּט נישט אריין תענוגים אויף די וועלט איז פארפאלען. דערמיט ווערען ווידער אַנגעצויגען אלע תאות און דער דראנג נאָך פארגעניגענס אויף יענעמס חשבון. כי יצר לב האדם רע מנעוריו, דעם מענשס הארץ איז שלעכט פון זיין יוגענט אָן, אזוי שטעלט פעסט די תורה, דאָס איז אַ פאקט וואָס קיינער קען עס נישט אָפּלייקענען. קיין שום מענשליכע געזעצען, וועלען קיינמאָל נישט זיין אומשטאנד צו קאָנטראָלירען דאָס לעבען פון די יחידים און אַ וודאי נישט זיין בכח ארויסצורייסען די ברוטאליטעט וואָס ליגט טיעף באגראָבען אין זיין הארץ און ווארט נאָר אויף אַ גינסטיגען מאָמענט, ווען ער וועט זיך פילען הפקר אָן חשבון פאר ג-ט און זיין נשמה, וועט ער זיין ברוטאָל קעגען זיין אייגענעם

פאַטער, ווען ער וועט אים זיין צו לאסט און אומאַרבייטם פעאיק. ער וועט זיין אייגענעם חבר באגראַבען מיט דער צונג אָדער מיט דער פען און אויך מיט דער האנט ווען ער וועט וויסען אז אים דערוואַרט נישט קיין שטראָף פון אַ מענשליכער האנט. אַ בלינדען וועט ער אונטערשטעלען אַ פוס. דעם וואָס ער וועט קענען וועט ער ארויסנעמען דעם ביסען פון מויל.

גרויזאַם וועט ער זיין צו די פארמשפּט'ע וואָס וועלען זיין אָנגעוויזען אויף זיין חסד, ווי נבוכדנצר ווענעמס גרויזאַמקייט, דניאל הנביא שילדערט, אסיריו לא פתח ביתו, זיינע ארעסטירטע האָט ער קיינמאָל נישט באפרייט. זיינע געריכטען וועלען זיין אָן רחמנות בלויז אוים טויטע פּאַראַגראַפען, נישט צו באַפרייען נאָר צו באַגראַבען איעדען וואָס וועט ארונטערפאלען אונטער זיי. ווייל אים וועט נישט שרעקען די קללה, ארור מכה רעהו בסתר, ארור משגה עור בדרך, ארור מסיג גבול רעהו, ארור לוקח שוחד להכות דם נקי, ארור מטה משפט גר יתום ואלמנה, ארור מקלה אביו ואמו, ארור אשר לא יקום את דברי התורה הזאת — פאַר־שאָלטען זאָל זיין דער וואָס שלאָגט זיין חבר אין אַ בעהעל־טעניש, פארשאָלטען זאָל זיין דער וואָס שטרויכעלט אַ בלינדען, און וואָס נעמט צו ביי זיין חבר, דער וואָס נעמט שוחד צו שלאָגען אַן אומשולדיגען, דער וואָס בייגט אוועק דעם משפט פון יתום און אלמנה, דער וואָס לעסטערט זיין פאָטער און מוטער און דער וואָס איז נישט מקיים די גאנצע תורה — פאַר אים וועט שטעהן בלויז דער פינסטערער תהום אין וועלכען ער וועט סוף כל סוף ארייַנפאלען סיי ער וועט טוען גוטס אָדער שלעכטס. מענש! אויב דו זוכסט זיך צו באַקענען מיט דעם ערליכען וועג פון יושר און הומאניזם, אויב דו זוכסט אַ ציעל און אינהאַלט פון לעבען, אַ טרייסט פאַר דיין גוף און נשמה, זאָלסטו זיך יעדען טאָג אוועקרייסען כאָטש צוויי

שעה פון דעם טומעלדיגען עולם התוהו און אוועקזעצען זיך אין דעם אלטען בית המדרש אקעגנאיבער דעם נר תמיד, מיט אַ יראת-הכבוד דורך ליינען און זיך נעמען גוט אין זכרון די ווערטער וואָס זיינען גרויס אָנגעשריבען אויפן עמוד: שויתי ד׳ לנגדי תמיד. אויפמישען דעם אוראַלטען אייביק נייעם ג-טליכען ספר הספרים. תורה שבכתב. באקענען זיך מיט די וואונדערליך יושרדיגע איידעלע געזעצען וואָס געפינען זיך דאָרט, פון וועלכע דער חוט השדרה זיינען די צען געבאָט, אנכי ד׳ אלקיך, לא תעשה לך פסל, לא תרצח, לא תנאף, לא תגנוב, לא תענה ברעך עד שוא, לא תחמוד בית רעך — זאָלסט דיר נישט מאַכען קיין בילד פאר אַן אָפּגאָט, נישט מאָרדען, נישט גנב׳ענען, נישט זאָגען פאלש עדות אויף דיין חבר, נישט גלוסטען דיין חבר׳ס הויז — איינהאָרכען זיך אין די פלאַמיגע שטראָף רייד פון די אונשטערבליכע נביאים, וועלכע רופען דיר אלס עדות הימעל און ערד. שמעו שמים והאזינו ארץ כי ד׳ דבר. פארטיפען זיך אין ים התלמוד, אין ספרי מוסר. דאַן וועט זיך פאר דיינע אויגען עפענען אַ נייע, ליכטיגע און אייביגע וועלט, אין וועלכע דער טויט האָט קיין שליטה און אומגליק קיין פלאַץ. זיך זעלבסט וועסטו זען נישט אלס ווערטלאָז זאמד שטויבל, נאָר אלס איין עולם קטן, — אַ קליין וועלטעל — מיט איין אונשטערבליכע נשמה. דאַן וועסטו מער זיך נישט שרעקען און טרויערען נאָך קיין שום זאך פון לעבען. אויך דער טויט וועט ביי דיר נישט זיין מער שרעקליך, דו וועסט עס פארשטעהן ווי אַ מין איבערטוויש פון דעם לבוש אויף אַ צווייטען, בבחינת לובש צורה ופושט צורה, די נשמה באפרייט זיך פון די שווערע גשמיותדיגע, מאַטעריאַליסטישע צורה אויף אַ לויטערע, אַ רוחניות׳דיגע, אַ גייסטיגע, דאמאָלס וועסטו זען אַ וואונדערליך לעבען אין יעדען ווינקעל, אויף יעדען בלאַט און גרעזעל. הערען די וואונדערליכע שירה וואָס

אלע זינגען. אפילו דאָס וואָס דו וועסט נישט פאַרשטעהן מיט דיין שכל, וועט עס באגרייפען דיין הארץ און דיין נשמה. דיין געזיכט וועט שטענדיג לויכטען מיט צופרידענהייט, אַ גליקליכער וועסטו זיין ביי אַ יעדער מצוה וואָס דיר וועט קומען אונטער דער האַנט. רואיג אָן שרעק און עגמת נפש וועלען זיין דיינע טעג.

ביז פאַרטאָג האָבען זיי נאָך דיסקוטירט און ארומגערעד וועגען פאַרשידענע ענינים. זיגא און לייביש ראָט זיינען פשוט בעגייסטערט געוואָרען פון חיים'ס רעליגיעזע אידעען. זיי האָבען אים באוואונדערט און פשוט מקנא געווען. דאָס ריינע גלויבען זיינס, דעם זיכערען באַדען וואָס ער האָט אונטער זיך, טראָץ דעם וואָס עס האָט זיך אויסגעדאכט דאָס זיין טשעפּלאַרניע איז צעבראָכען. אין זיין הארץ איז אָבער געבלי־בען אַ מין אייזערנע בריק, דורך וועלכע ער קען רואיג אדורכ־געהן אלע שווערסטע לעבענס טראַגעדיעס און נישט בלייבען פאַרצווייפעלט. ער איז גליקליכער פון זיי ביידע, ער איז נישט פאַרשיכורט פון רויטע רויזען ליפּען, וואָס ווערען שנעל בלייך און פאַרוויאַנעט, און נישט פאַרבלענדעט פון די כישוף-בלויע אויגען און גאָלד גלאַנציגע האָר וואָס לייכטען נאָר איינינע מינוטען און דערנאָך פאַרלירען זיי דעם גלאַנץ און רייץ, ווערען בלייך, גרוי, פול מיט טרערען ביז זיי ווערען אינגאַנצען פאַרלאָשען. דאָס איז אלעם הבל הבלים אקעגען דעם אייביגען פייערל און נר תמיד וואָס לויכט ביי אים אין הארץ פון זיין יוגענט אָן. עס וואָלט זיך געלוינט צו באַקענען טיפער מיט דעם תנ"ך און די אידיש רעליגיעזע פילאָזאָפישע ווערק.

## קאַפּיטל 12

אין פערצינער יאָר האָט זיך די לאגע אין לעמבערג אַ ביסעל נאָרמאליזירט. פאר לייביש ראָט האָט ווידער אַ שטראַל געטואן אַ שיין פונהאָפענונג אין לעבען. אין דער קונסט שולע האָט מען אים פאררעכענט צווישען די בעסטע שילער, זיינס אַ בילד האָבען אלע גערימט אויף דער שולע-אויסשטעלונג. אלע האָבען אים פאַרגעזאָגט אַ גלענצענדע קאריערע. גלייכצייטיג האָט זיך אויך זיין מאטעריעלע לאגע געבעסערט. ער האָט שוין פארדינט געלט, פון דעקאָראציעס אין קלובען און פּארטיי לאָקאלען. דאמאלס ווען מען האָט אַ גרויסען טייל פּליכטלינגע פארשלעפּט אויף דעם סיביר איז ער געווען צווישען די גליק־ליכע וואָס זיינען געבליבען. דאָס מינוטיגע גליק איז אָבער אין קורצען פארוואנדעלט געוואָרען אין דעם שרעקליכסטען אומגליק, ווי אַ מינוטיגע בעסערונג פאר דער גרויליכער גסיסה וואָס האָט זיך באלד אָנגעהויבען פאר די דאָרטיגע אידען.יוני 41־טע יאָר. די געשיכטע האָט זיך פּלוצים אומגע־קערט צוריק מיט טויזענטער יאָרען. אַ פינסטערע נאכט פון אור אלטער האָט ווידער באדעקט אייראָפּע. די דייטשען בארבארען זיינען פארשיכורט געוואָרען פון בלוט און רויב, ביי די לייכטע מלחמות אין מערב אייראָפּע. זיי האָבען זיך געוואָרפען מיט דעם גאנצען אימפּעט אויף רוסלאנד דעם איינציג פארבליבענעם קאָנקורענט, מיט וועלכען זיי האָבען געטראכט זיך אָפּצו־פארטיגען אין איניגע חדשים, כדי צו ווערען די איינציגע הערשער איבער דער וועלט ווי די אַמאָליגע רוימער. אַ יעדער דייטש וועט דערנאָך זיך ארומדרעהען מיט אַ בייטש אין דער האַנט און באפעלען אויף זיינע צענדליגער שקלאפען. צו הילף

די באַרבאַרען זיינען אויפגעשטאַנען אַלע רוצחים און אויס־וואָרפען, בלוטדורשטיגע סאַדיסטען, אוקראַאינער, ליטווינער, לעטען, וולאַסאָווצעס און אַ גרויסער טייל פּאָלאַקען. די אַלע וואָס האָבען יאָרענלאַנג געוואַרט אויף אַ זעלכע גוטע מאָמענ־טען, צו רויבען און שעכטען אָן אַ משפט וויפיל דאָס הארץ גלוסט נאָר. פאַר די אידען האָט זיך דאַמאָלס אָנגעהויבען אַ שרעקליכער ויהי בימי מלכות אשכנז הרשעה. דער נייער המן־היטלער האָט ווידער אַרויסגעגעבען דעם געזעץ פון זיין אור זיידען להשמיד להרוג, לאבד את כל היהודים מנער ועד זקן טף ונשים ושללם לבוז. אויסצוהאַרגענען אַלע אידען פון קליין ביז גרויס און זייער פאַרמעגען צו רויבען. דעם בלוטיגען באַפעל האָבען זיינע רוצחישע אַדיוטאַנטען און תלמידים פון פאַרשידענע נאַציאָנען מיט ברען אויסגעפירט. די ערשטע טעג פון קריג איז לייביש ראָט געווען אין לעמבערג. ווען די דייטשע באַנדיטען האָבען זיך דערנעטערט צו דער שטאָט איז ער אַוועק צו פוס קיין זלאָטשאָוו. דער וועג איז געווען פאַרלעגט מיט אויטאָס, טאַנקען, מען האָט געטרויטען אויף טויטע מענשען און אויף פגרים פון פערד. אַלע שעה זיינען אָנגעפלויגען עסקאַדרעס מיט באַנדיטען און באַשאָסען פון מאַשין ביקסען. בעת אַ לופטאַנגריף האָט ער באַקומען אַ קויל אין דעם פוס אריין, אז ער האָט שוין מער נישט געקענט גייען. קוים מיט צרות וואָס ער האָט זיך דערשלעפּט קיין זלאָטשאָוו. פון געהן ווייטער איז שוין נישט געווען קיין רייד, ער האָט געמוזט בלייבען אין דער היים. באַלד האָבען די דייטשע רוצחים פאַרנומען די שטאָט, און די אוקראַאינער באַנדעס האָבען אונגעהויבען צו ראַבירען און מאָרדען די אידישע איינוואוינער.

אַ פרעכטיגער זומער טאָג. אויף דעם טיעף בלויען הימעל זעט מען נישט קיין וואָלקענדלעך. די לופט איז אָנגעגליט

ווי אַ באַקאַוויזוען. אַלעם גלאַנצט, אַלעם שימערט מיט טויזענ־טער קאָלירען. די צייטיגע גאַרבען תבואה, דאָס שטילע וואַסערל, דאָס זאַמד אַרום, איעדעס שטיקעל גלאָז פינקעלט ווי אַ בריליאַנט. פון די בוימער אַראָפּ, הנדלען זיך די צייטיגע עפּעל, רויטע און געל גאָלד קאָליר, די פאַנטאַסטישע בלויע פלוימען. פון אַלע זייטען הערט זיך אַ פריילעכער שוויטשעריי פון פייגעל. אַלעם רייצט און לאָקט מיטצוזינגען דעם פריילעכען לעבענסגעזאַנג. אויף דעם שטויביגען שאָסע, שלייכען זיך אַ לאַנגע רייע אידען מיט שווערע נאָסילקעס, געלאָדענט מיט זאַמד און שטיינער. אַרום זיי, פּלאָנטערען זיך דייטשע און אוקראַאינישע אויפזעער מיט ביקסען און גומי שטעקענס אין דער הענט, וואָס יאָגען אונטער און לאָזען קיינעם נישט אפילו אויף אַ מינוטיגען אָפּרי דעם אָטעם כאַפּען. עס דאכט זיך אַז דאָס איז אַ פאַר־היסטאָריש בילד פון די אַלטע עגיפּטישע שקלאַפען וואָס האָבען געבויט די פּיראַמידען, אונטער דער אויפזיכט פון די גרויזאַמע הערען און נוגשים. זייערע קליידער זיינען שוין אָפּגעריסען די געזיכטער שוואַרץ ווי קויל, די אויגען אויסגעלאָשענע אָן אַ פונק פון האָפענונג. פון צייט צו צייט הערט זיך אַ קורצע ביקסען סאַלווע, באַגלייט פון אַ פאַרצווייפעלטען אָפּגעהאַקטען געשריי. אויף דעם וועג בלייבט ליגען איינער פון די אומגליקליכע שקלאַפען מיט אַ צעשפּאָל טענעם קאָפּ. דאָס זאַמד פון זיין נאָסילקע ווערט אָפּגעפאַרבט מיט זיין אייגען בלוט. באַלד נעמען אים די חברים אַוועק און באַגראָבען אים נעבען דער פּאָסע. קיינער טאָר נישט רעדען דערפון, די אַרבייט מוז אָנגעהן ווייטער אָן איבעררייס. איעדער שפּירט אונטער די פּלייצע, דעם גרויזאַמען טויט וואָס לאָקערט פון אַלע זייטען, אין געשטאַלט פון די דייטש־אוקראַאינישע מענשען־פרעסער. אָט ווערט איינער דערשאָסען פאַר וועלען זיך אַ מינוט אָפּרוען. דער צווייטער פאַלט מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ פאַר קוקען אין דער זייט. אויף אַ

דריטען האָבען זיי נאר אזוי געצילט נא ווי וואט. מענשען זיינען דאָ מיט די זעלבע רעכט ווי פליגען. דאָס לעבען ווערט גערעכענט אויף טעג, קיינער איז נישט זיכער מיט דעם מאָרגען. דאָס לעבען איז אָפּהענגיג פון אַ יעדען קאַפּריז פון נידערוגסטען רוצח

אויף דעם וועג איז געזעסען לייביש ראָט און צעהאקט שטיינער מיט אַ שווערען האמער. ער האָט אויסגעזען ווי אַ שקעלעט. דאָס געזיכט פול מיט שיניאָקעס און וואונדען, פון די שטיין שפּליטערס און פון די רוצחישע שטעקענס. די אויגען רויטע אָנגעשוואָלענע פון הונגער און אונאויפ־הערליכען טויט שרעק. פון צייט צו צייט פאלט זיין בליק אויף די ארומיגע פעלדער, אויף דעם שפּיגעלדיגען וואסער. זיין האַרץ גיט דאַן אַ ציטער אויף, ווי אַ שטרום עלעקטרי זאָל אדורך זיין קערפּער. די רויטע אויגען זיינע זעען אוים דאמאָלס ווי אַ חיה אין אַ קלאטקע וואָס דערמאָנט זיך אין דעם פרייען וואלד. ווי גליקליך וואָלט ער געווען ווען ער קען זיך פריי אוועקזעצען נעבען דעם טייכעל, און ארייננאָטעמען אין זיך די ריינע לופט, צוהאָרכען זיך צום געפּליסטער פון וואסער, צו דעם פּלאסקען פון די זילבערנע פישלעך. פארשיכורען זיך פון דעם טיפען ענדלאָזען בלויען הימעל. נאָך קיינמאָל נישט האָט אים אויסגעוויזען אזוי שעהן און רייצינד דאָס פראַכטפולע פרייע לעבען ווי איצט. ער איז גרייט געווען צו האַלדזען יעדען בוים, אויסצוקושען יעדעם בלימעל. אויסוויינען די אָנגעזאַמעלטע טרערען צווישען די הויכע גראָזען און קוסטעס. עס האָט אים אויסגעדאַכט אז יעדעם גרעזעל און בלעטעל לעבט מיט זיין איינגענארטיגען סודות׳פולען לעבען, ווי זיין חבר חיים שטיין האָט אָפט אים געשילדערט. אַ גליקליכער דרעהט ער זיך דאָרט ערגיץ ארום צווישען די וועלדער, די אור וועלדער פון סיביר און חלומט ווייטער זיינע שעהנע מיסטישע טרוימען

איבער די גלגולים און נצוצין. אויף אים איז אויסגעפאלען צו טרינקען דעם ביטערען כוס ביז דעד דנאָ. מיט אייגענע אויגען צוגעזען ווי מען האָט גרויזאַם דערמאָרדעט זיין מוטער מיט זיין שוועסטער און ברודערלעך. עלענט און איינזאַם איז ער איצט ווי אַ שטיין. היינט צו מאָרגען קומט אויף אים די רייע. די באנדיטען וועלען אים דערשיסען ווי אַ הונט און אריינשליידערען אין דער פּאַסע. קיינער וועט נאָך אים נישט לאָזען קיין טרער. די הינט וועלען ארומשלעפּען זיינע ביינער. אַ שוידער איז אים אדורך דעם קערפּער, פון די אויגען האָבען געטריפט טרערען אויף די שטיינער ארויף. ביינאַכט ווען ער איז געלעגען אַ הונגעריגער אויף זיין שמוציגע נאָרע און נישט געקענט איינשלאָפען. צוליב די ווערים וואָס האָבען געביסען זיין מאָגער לייב, האָט ער זיך געפּריווט אָפּגעבען אַ חשבון פון דעם אלעמען וואָס קומט פאַר ארום אים. פארשידענע געדאנקען, רעיונות, האָבען זיך געפּלאָנטערט אין זיין צעטומעלטען מוח. צו איז טאקע די גאנצע וועלט צוריק פארווילדעט געוואָרען, ווי אין אור אַלטער, דאָס איינער פּרעסט אויף דעם צווייטען, אָדער אז בלויז איינצעלע שבטים אין אייראָפּא האָבען זיך בלויז גענומען צום קאניבאליזם און שקלאָפען האנדעל. טאָ פארוואָס ציטערט נישט אויף דער געוויסען פון דער גאנצער קולטורעלער וועלט, צו שטורמען און צו באַשטראָפען די גרויזאַמע מענשען פרעסער און קינדער מערדער, אָדער לכל הפּחות ראטעווען די אומגליקליכע קרבנות. ניין! די וועלט האָט קיין געוויסען, זי באזירט איר עקזיסטענץ אויף דעם קין מאָרד. די מאָדערנע קולטור און ציוויליזאציע איז נישט בעסער נאָר פילפאכיגער ערגער פון די אלטע רוימיש גריכישע און עגיפּטישע. די זעלבע פראָפעסאָרען וואָס שטודירען האמער און פלאטאנען, קאנ׳ט און געטע׳ן העלפען מאָרדען און פארשקלאפען. זיי געפונען זיך אין סאמע שפּיץ פון די גרויזאַמע האַקענקרייץ טרעגער. אַ כפּרה די גאנצע לערע,

די היידלבורגער און בערלינער, ווארשעווער און לעמבערגער אוניווערזיטעטען, אז זיי האָבען נישט געקענט אויסאיידלען זייערע אייגענע שילער, ארויסרייסען פון אים דעם חיה׳שען אינסטינקט. דער איד האָט געדאַרפט צו אנטלויפען פון די אלע רוצחים און חיות אין מענשען געשטאלט צו זיך אין לאנד אריין, דאָרטען צווישען די הייסע זאמדען, לעבען לויט די ערהאבענע יושר׳דיגע געזעצען פון דער תורה און ג־טליכע נביאים. צו שפעט איז ער געקומען צום שכל, דאָס פייער פון גיהנם האָט שוין אונטערגעזענגט זיינע פוס.

## קאַפּיטל 13

כה אמר ד׳ על שלשה אשיבנה, ועל ארבעה לא אשיבנו, על מכרם בכסף צדיק ואביון בעבור נעלים

אזוי האָט ג־ט געזאָגט, אויף דריי זינד וועל איך זיי פארגעבען, נאָר נישט אויף די פערדע, פאר פארקויפען פאר געלד דעם צדיק, און דעם אָרימאן פאר אַ פּאָר שיך

זינטיק דעם ערשטען סליחות טאָג תש״א פון גאַנץ פרי אָן, איז אַ שטארקער פארקער אויף אלע וועגען וואָס פירען קיין זלאָטשאָוו. פויערים און פויערטעס, יונג און אַלט, געהען אין דער צערקווע אריין אָפּצורעכטען דאָס געבעט, איבערצוגעבען דעם גלח די אַנגעזאַמעלטע זינד פון אַ גאַנצער

וואָך. אלע געהען פיין געקליידעט, מאָדערענע אַנציגער, זיידענע קליידער מיט מאָדערענע הויך קנאָפּעלדיגע שיך, גאַרנישט ווי פויערים מיט פויערטעס. פון זייערע געזיכטער שיינט אַראָפּ אַ צופרידענהייט, זיי האָבען שוין איצט פאַר קיינעם זיך צו שעמען מיט זייערע עלעגאַנטע קליידונג. אין דער היים האָבען זיי שוין אָנגעפילט די שפּאַכלערס מיט תבואה, שטיבען פול מיט פאַרשידענע סחורות. איצט געהען זיי אָפּגעבען דערפאַר אַ דאַנק, און נעמען אַ ברכה אויף ווייטער, די שמחה זאָל לאַנג אָנהאַלטען. אין אַ טיפער קאַנאַווע, אַ שטיק וועג פון דעם שאָסעע, צווישען הויכע סאָסנעס און שטעכיגע טאַרקוםביימלעך, ליגט פאַרשטעקט אַ נישט דערשאָסענער קרבן פון די הייליגע לעמאַלעך וואָס איילען זיך צום געבעט. זיין אויסזען איז אַ שרעקליכער, דאָס גאַנצע אָנטועכץ איז בלויז בלוט. דאָס געזיכט איז ווי אַ פאָרמלאָזע מאַסע. אין זיין קערפּער שטעקען עטליכע קוילען וואָס פאַרשאַפען אים מוראדיגע יסורים. דאָס איז איין אומגליקליכער איד פון דינאָוו, זיין נאָמען איז ישראל משה איינזידלער, וועלכער האָט געוואוינט פון פערציגער יאָר אָן אין זלאָטשאָוו. אַ צייט האָט ער זיך אויסבאַהאַלטען פאַר די רוצחים ביי זיך אויפן בוידעם. דערנאָך איז ער אריבער צו איין באַקאַנטען פויער און אים אוועקגעגעבען די לעצטע פאַר דאָלער וואָס ער האָט פאַרמאָגט, ער זאָל אים אויסבאַהאַלטען. דער פויער האָט ביי אים צוגענומען דאָס געלד און נאָך אַראָפּגעשלעפּט פון אים זיינע שטיוועל, און אַ באַרוויסען אים איבערגעגעבען צו די אוקראַאינישע רוצחים-מיליציאַנטען, וועלכע האָבען אים בעזאַמען מיט נאָך עטליכע אידען דעם זעלביגען אָווענט דערשאָסען. זיין גורל איז אָבער געווען, זיך צו מאַטערען נאָך עטליכע וואָכען. ער איז געבליבען לעבען מיט עטליכע קוילען אין זיין קערפּער. ווי די רוצחים זיינען אוועק האָט ער זיך אויפגעהויבען און ארומגעבלאָנקעט אַ צומישטער אַ גאַנצע נאַכט. ערשט

פאַרטאָג האָט ער זיך דערמאָנט ווי ער געפינט זיך און וואָס מיט אים האָט פּאַסירט, האָט ער באַשלאָסן זיך צוצוכאַפּען אין דעם ארבייטס לאַגער דאָרט ווי זיינע צוויי זין געפונען זיך פאַר וועלכע ער האָט באַצאָלט אסך געלט מען זאָל זיי דאָרט אַריינגעמען. אים האָט מען נישט געוואָלט אַננעמען צוליב זיין עלטער. אפשר וועט אים געלונגען זיך אריינכאַפּען אינעווייניג. אזוי ווי עס איז ליכטיג געוואָרען, האָט ער זיך געמוזט פאַרשטעקען אין דער קאנאווא כדי די פויערעם וואָס גייען אין צערקווע אריין זאָלען אים נישט דערזען. איעדער שאָרך האָט אים אויפגעשווידערט, אָט באַמערקען אים די פויערים וועלען זיי אים דערהאַרגענען מיט שטיינער און שטעקענס. אממיינסטען האָבען אים דענערווירט די קירכען גלאָקען וועלכע האָבען צונויפגערופען די וועלף אין שעפּסענע היטלען. די אַלע האָבען ערשט גערויבט און געמאָרדעט אידען. זיי גייען אָנגעטואן אין די גערויבטע מלבושים, אָפּרעכטען דאָס געבעט אין דער צערקווע אריין. דער גלח וועט זיי נישט שטראָפען, נישט זאָגען קיין מוסר רעדע, געהט ארוים פון דאנען ווייל אייערע הענט זיינען איינגערעכט מיט בלוט און מאַרך פון קליינע קינדער, וואָס קומט איר צום געבעט, ווייל אויך ער איז נישט בעסער פון זיי, זיינע הענט זיינען פאַר־בלוטיגט גלייך ווי ביי זיינע „שעפּאַלעך", אַליין אַ געוועזענער פעטלוראָוויעץ, אַ מיטגליד און דערציער פון די אונדא באנדי־טען, וועלכער האָט געאָטעמט מיט אידען האַס און מאָרד לוסט, געוואַרט אויף דעם גרויסען טאָג צוגלייך מיט זיינע חברים און באַפעלסהאַבער, אויף די באַפרייאונג וואָס די נאַצישע רוצחים וועלען זיי ברענגען. ליגענדיג שעה'ן לאַנג, וואָס האָבען זיך געצויגען ווי יאָרען, אין דער קאנאווא, האָבען זיך אין זיין מוח דורכגעשלייכט פאַרשידענע בילדער פון זיין שטעטל, אין וועלכען ער איז געווען אַן אָנגעזעענער בעל־הבית, אַ בעל צדקה, אַ מכנים אורח. ביי אים זיינען איינ־

געשטאַנען אַ טייל רביים וואָס פלעגן קומען אין שטעטל אריין צו זייערע חסידים. אין אלע אידישע אינסטיטוציעס איז ער געווען אַ מיטגליד, אין חברה קדושה, קאסירער פון די גמילת חסדים קאסע, ביקור חולים. אומעטום צוגעהאָלפען און אויף יעדען מיטלייד געהאַט איצט דערשיסט מען אים ווי אַ מעשוגענעם הונט, אויף וועלכען קיינער האָט נישט קיין רחמנות. וועלכער פויער וועט אים נאר דערזען וועט אים מיט אַ דראָנג אָדער אַ שטיין דערהארגענען. גליקליכער איז געווען זיין פרוי וואָס איז געשטאָרבען נאָך אַ פּאָר יאָר פארן קריג כדי נישט צוזען דאָס אלעס. ער האָט זיך דערמאָנט אז היינט איז דער ערשטער טאָג סליחות, ווען ער פלעגט אויפשטעהן פיר אַ זייגער פארטאָג און געהן אין בית־המדרש אריין זאָגען במוצאי מנוחה קדמנוך תחילה, הט אזניך ממרום יושב תהלה, לשמוע אל הרינה ואל התפלה — אין מוצאי שבת איילען מיר זיך צום געבעט. הער אונז צו, פון הימעל צו אונזער געזאנג און געבעט — היינט קען ער נישט זאָגען נאָר דעם איינעם פסוק, אזכרה ד׳ ואהמיה, בראותי כל עיר על תלה בנויה, ועיר א׳ מושפלת עד שאול תחתיה — עס שטייען די גויאישע שטעט און דערפער פון אלע זייטען אומצעלעגע קירכעס און צערקוועס. — אַ זאמעל פונקט פאר אלע גזלנים רוצחים — און דאָס איינציגע ווינקעל, דאָס בית־המדרש פון ישראל — אין וועלכען ער האָט מתפלל געווען פאר דעם אלמעכטיגען — איז חרוב ביז צום אָפּגרונד. די מתפללים זיינען אויסגעהאַרגעט, צעבלוטיגטע וואלגערען זיי זיך ארום אויף די וועגען און קאַנאַוועס.

# כל נדרי אין לאַגער

דאָס רויכערדיקע נאַפט לעמפּעל אָן אַ גלעזעל האָט שוואַך באַלויכטען אַ קליינעם שטח פון דעם לאַנגען באַראַק. אין דעם צווייטען עק איז אינגאַנצען טונקעל געווען. אויף די שטאַקיגע פּרוטשען האָבען זיך געוואַלגערט הונדערטער שאָטענס פון מענשען. אויסגעהונגערטע שקעלעטען, מיט אַרויסשטאַרענדע קין קנאַכעס, האַלב פאַרווילדעטע אויגען, אין שמוץ און יסורים, פיזישע און גייסטיגע. צווישען זיי האָבען זיך געפונען אַ מאַסע קראַנקע אויף טיפוס, שווינד־זיכטיגע מיט הויכע פיבער, גוססדיגע אין קאַנוואַלסיעס, און אויך טויטע וועלכע זייערע חברים האָבען אויסבאַהאַלטען אַ פּאָר טעג כדי צונעמען זייערע פּאַרציעס ברויט. לעבען און טויט זיינען געווען אויסגעמישט, כמעט אָן גרעניץ, פון איינעם צום צווייטען איז געווען נאָר אַ שפּאַן. איצט לעבט ער, צומאָרגענס ליגט ער שוין אַ שטייפער אויף זיין פּריטש און לייד שוין מער נישט קיין יסורים. אַרום דעם לעמפּעל האָבען זיך געפונען אַ קליין הייפעל מתפללים, מענשען וואָס האָבען זיך נאָך נישט אינגאַנצען איינגעבראָכען גייסטיג. מענשען וואָס האָבען פריער געלעבט און געאָטעמט מיט אידישקייט. זיי האָבען זיך דערמאָנט אין דעם גרויסען הייליגען טאָג פון חשבון הנפש. דאַמאָלס ווען אַלע אידען פון דער גאַנצער וועלט קומען זיך צונויף אין די שוהלען און בתי־מדרש ם, כדי צו הערען דעם טרויעריגען ניגון פון כל נדרי. זאָל אויך זייער שטימע געהערט ווערען פון דעם שרעקליכען גיהנם אַרויס. טרויעריג און האַרצרייסענד איז געווען זייער געבעט, אַ בילד פון די שפּאַנישע אינקוויזיציע קעלערס, פון

בלויזען דערמאנען זיך ווערען די אויגען פארלאָפען מיט טרערען. די קרבנות צעשלאָגענע מיט צעבראָכענע גלידער, פארבלוטיגטע פון די גרויזאמע היטלעריסטישע אינקוויזיטאָרען, זאָגען דעם לעצטען ודוי, בעפאָר מען וועט זיי פארברענען אויף די שייטערהויפענס. קיין איינער פון זיי רעכט זיך נישט צו בלייבען לעבען. אלע דערווארטען עס מאָרגען אָדער איבער־מאָרגען. דער חזן איז געווען דער יונגער משורר פון דינאָווער חזן ישכר גרינבוים. טראָץ זיינע טראגעדיעס, פסיכישע דער־שיטערונגען דורך דעם טויט פון זיין פאָטער, מוטער און שוועסטער, איז נאָך ביי אים פארבליבען שפורען פון זיין אַמאָליגע אנגענעמע אָלט שטימע, אז אַ גרויסער טייל פון די באראקען איינוואוינער זיינען זיך צונויפגעקומען הערען. צווישען די מתפללים איז אויך געווען לייביש ראָט, וועלכען מען האָט גראָד מיט אַ קורצע צייט צוריק איבערגעפירט אין דעם לאגער אריין, און ישראל משה איינזידלער ועמען עס איז געלונגען זיך ארייַנצוכאפען אין דעם לאגער אריין מיט דער מיטהילף פון זיינע זין אהרן און מענדעל וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען. צווישען די מתפללים איז אויך געווען משה בער קאלעך, דער גרעסטער למדן פון דינאָוו, אַ זון פון זישאלע שמש. פאר לייביש ראָט איז געווען אַ טובה דאָס איבערפירען אין לאגער אריין. דערמיט וואָס דאָרט האָט ער זיך צונויפ־געטראָפען מיט זיינע היימישע מענשען פון דינאָוו, איבערהויפט מיט זיין נאָענסטען חבר ישכר גרינבוים. נאָך דעם שווערען אומדערטרעגליכען ארבייטס טאָג, האָט ער זיך דערהאַלטען אין דער היימישער אַטמאָספערע, וועלכע האָט נאָך אויף זיך געטראָגען דעם חותם פון דינאָוו. שעה׳ן לאנג פארבּרענגט מיט משה בער קאלעך, צוגעהאָרכט זיך צו זיינע חסידישע דערצעלונגען, געדאַנקען פון ספרי מוסר וועלכע האָבען אין אים אריינגעברענגט אַ נייעם רוח חיים. אין דער צייט ווען ער האָט זיך געפילט עלענט, איינזאם אָן פאָטער און מוטער

אַן אַ קרוב. פערראַטען פון אלע זיינע אידעען, פעלקער און נאציאָנען אין וועלכע ער האָט אמאָל געגלויבט. די מאָדערנע קולטור טרעגער, פראָפעסאָרען, אינזשיניערען, ליטעראַטען, מעדעצינער, זיינען די אַנפירער פון די אלע רציחות. מיט שנאה האָט ער שוין איצט געקוקט אויף דער גאנצער גויאישער ליטעראַטור. אלעמען האָט ער באשולדיקט אין דעם וואָס קומט איצט פאָר מיט אידען. קיינער פון די געניאלע ליטעראַטור שעפער, האָט נישט געהאָלפען באקעמפען דעם אַנטיסעמיטיזם צווישען זייערע נאציאָנען. די גרעסטע טייל האָבען עס נאָך געהאָלפען פארשפרייטען, געשילדערט דעם איד אין שווארצע פארבען. אפילו דער גרויסער שעקספיר האָט אויך אַ חלק דערין דורך זיין ווערק, דער סוחר פון ווענעציע. ער האָט איינגעזען אז דער גרעסטער טייל פון זיי זיינען פארקויפטע נשמות, צוליב געלט און קאריערע וועלען זיי די אייגענע נשמה פארקויפען צום טייוועל פון האם און אנטיסעמיטיזם. נאָר יחידי סגולה זיינען געבליבען טריי זייער נשמה און געווי־סען, געשטעלט זיך צו הילף דעם געיאָגטען אידישען פאָלק, ווי לאָרד בייראָן, טאָלסטאָי, עמיל זאָלא, וועלכע זיינען פארטויבט געוואָרען אין דעם ברויזענדען ים פון שנאה און אידענהאס. ער האָט נאָר געזען אַקעגען זיך איין גרויזאַמע פויסט פון אלע פעלקער און נאַציאָנען. אַ רירענדער מאָמענט איז פאר אים געווען דער יום כפור־אָוונט. דער גוט באקאנטער טרויעריגער, הארציגער כל נדרי ניגון, אין דער צייט ווען איבער אלעמענס קעפּ איז אויסגעשפּרייט אַ שאָטען פון טויט, און אלע פעלקער דארפען זיך קלאפען אין הארץ אריין פאר זייערע גרויסע זינד אַ קעגען דעם שוואכען אידישען פאָלק, און דער איד דאַרף שעלטען אלע זיינע גויאישע שונאים, בעטען אויף זיי אַ פינסטערען מבול מיט אַן ערד ציטערניש וואָס זאָל אָפּמעקען די אלע רשעים פון דער וועלט, בעט ער נאָר וישתחוו לפניך כל הרואים ויעשו כלם אגודה אחת

לעשות רצונך בלבב שלם – זאָלען זיך בוקען פאר דיר אלע באשעפענישען, אלע זאָלען זיי שאַפען איין פארבאנד כדי צו טאָן דיין ווילען פון גאנצען הארצען – אליין שפירט ער זיך זינדיג און קלאַפט אַנאויפהער אין הארץ אריין, על חטא, אפילו אויף דעם וואָס ער האָט געזינדיגט בסיקור עין – מיט אַ שלעכטען אויגען בליק — איר ברוטאַלע פעקלער און נאַציאָנען, פסיכאָלאָגען, דיכטער און פאָרשער פון דער מענש־ליכער נשמה, צי האָט איר פארשטאַנען כאָטש אַ טייל פון דעם איידעלען ערהאַבענעם מענש וואָס הייסט, איד. צי האָט איר געזען זיין גרויסע, לויטערע און טיעף ליידענע נשמה, וועלכע שפירט דעם פיין און ליידען פון אלע פעלקער, וועלכער האָט דער ערשטער געלערענט די וועלט, לא תסגיר עבד אל אדוניו — גיב נישט איבער קיין אַנטלאָפענעם שקלאַף צו זיין האר — ואהבתם את הגר — איר זאָלט ליב האָבען אַ פרעמדען — דעם צער בעלי חיים — נישט צו פארשאַפען קיין יסורים קיין שום לעבעדיגען נפש — אפילו אין די חיות פון וואלד האָט ער געדענקט איבערצולאָזען פאַר אים די תבואות פון שמיטה יאָר — ולבהמתך ולחיה אשר בארצך תהיה כל תבואתה לאכול — איר האָט נישט געקוקט און נישט געוואָלט זען ווייל דאָס וואָלט אייך פארשטערט אייערע וואָלפישען אַפעטיט. איר האָט אויף אים געקוקט מיט די אויגען פון אַ קאַלער אויף אַ שוואכע שאָף וועלכע איר שינד אָפּ און פרעסט אויף מיט אייערע וועלפישע ציין. אים האָט איר געסטעמפעלט אַלס שווינדלער און גזלן דער שולדיגער אין אייערע צרות, פונקט ווי די טויב וואָס ווערט אַנגערופען גוזל כאָטש אלע באגאזלען און פרעסען איר אויף.

אַ יעדעם וואָרט, אַ יעדע תנועה פון דעם יונגען חזן שכר גרינבוים, האָט אין אים צעשפילט אלע סטראָנעס פון זיין הארץ. אַ מאָמענט וואָס ער האָט זיך ווידער געזען אין שוהל

נעבען דעם ארון קודש אין יאטשע חזן׳ס כאָר. פון דעם שווארצחנעוודיגען יונגעל וואָס פלעגט אזוי וואונדערבאר זינגען צוזאַמען מיט זיין עלטערען ברודער האקע (ישעיה קאפטל ה׳) אשירה נא לידידי שירי ידידות, כרם היה לידידי בקרן בן שמן, אָדער הבט משמים וראה, פון יאָסעלע ראָזענבלאט, וואָס האָט אים געריררט ביז טרערען. איצט איז אוים אים געוואָרען אַ חזן אין די אומגליקליכע גרויליגע גסיסה מאָמענטען. ער וואָלט געוועז צופרידען, ווען ער שלאָפט אזוי איצט איין אינגאנצען און זיין נשמה פאראייניגט זיך מיט דעם בענגליכען ניגון פון כל נדרי. אז מער זאָלען זיינע אויערען נישט הערען דעם ווי געשריי פון אלע ווינקלען. מער זאָלען זיינע אויגען נישט צוזען דעם גרויל און פיין.

משה בער קאלעך איז זיך געזעסען אויף זיין פּרימש נעבען דעם לעמפּעל און געזאָגט מיט אַ וויינעדיגע שטימע די תפלה זכה פון ספר חיי אדם, די באַרימטע ודוי פון פאר כל נדרי. געקלאָפּט זיך אין הארץ אריין און תשובה געטאָן אויף דעם וואָס ער האָט זיך צוגעהאָרכט צום יצר הרע און געזינדיגט מיט אלע אברים פון גוף. ער האָט דאַמאָלס נישט געזאָגט קיין אמת. זיין נשמה איז געווען ריין פון זינד ווי אַ טויב. זיין גאנץ לעבען האָט ער פארברענגט אין דינאָווער בית-המדרש ביי דער גמרא. די לעצטע פופציק יאָר איז ער פּשוט געווען דער פּוֹדאַמענט פון דעם בית-המדרש. מען האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלען דאָס דינאָווער בית-המדרש אָן אים, אָדער אים אָן דעם בית-המדרש. ער איז געווען אַ לעבעדיגע ענציקלאָפּעדיע פון תורה און חסידות. עס איז כמעט נישט געווען קיין ספר אין דעם בית-המדרש ער זאָל פון אים נישט וויסען. אין אלע האָט ער געלערענט אָדער סתם מעיין געווען. פון די ראשונים ביז די סאָמע שפּעטסטע שאלות ותשובות, ספרים וועלכע זיינען געשאַפען געוואָרען

הארט פאר דעם קריג. ש"ם מיט אסך מפרשים האָט ער דורכגעלערענט צוויי מאָל. אויסער דעם האָט ער אַ דורכגע־לערענט אים מיט ספרי מוסר וחסידות. ער האָט נישט געזוכט קיין רבנות אָדער דיינות פאָסטען ער האָט שטארק געהאלטען פון דעם מאמר חז"ל לא קרדום לחפור בה — די תורה איז נישט קיין האַק צו גראָבען מיט איר — ער האָט צוגעהאָלפען זיין פאָטער זישעלע שמש צו באַדינען דאָס בית-המדרש. ווינטער איז ער אויפגעשטאַנען פינף אַ זייגער פארטאָג און איינגעהייצט. עטליכע שעה אין טאָג האָט ער געלערענט מיט דערוואקסענע יונגלעך גמרא מיט תוספות. שטארק באַליבט איז ער געווען אין גאנצען שטעטל, אפילו אין די מאָדערנע קרייזען, אלס דער ערנסטער למדן און געזעצטער בר דעת. אין זיין הארץ האָט געוואוינט דער מלאך הרחמים אליין, אויף זיין קאָפּ זיינען געווען די אָרימעלייט פון שטעטל פאר וועלכע ער פלעגט יעדע וואָך צונויפזאַמלען געלט. שרעקלעך האָט ער איצט אויסגעזען, עס איז אים געווען שווער צו דערקענען. די באָרד אויסגעפליקט דורך די באַנדיטען, דאָס פנים אויסגעמאגערט, שווארץ פון הונגער און יסורים. קיין טרפות האָט ער נישט פארזוכט איבער דער גאנצער צייט. זיינע קלאָרע, גרויע, רחמנות'דיגע אויגען האָבען איצט אויסגעזען ווי טיפע ימים אָנגעפילט מיט איוב יסורים. זיין מוח האָט ארומגעבלאָנקעט אין דער חרוב'דיגער פארגאנגענ־הייט, אין דער ריישער בלאַזיווער קלויז, אין וועלכער ער האָט צען יאָר דורכאנאנד נישט געפעלט קיין שום יום-טוב. געווען אַ יושב ביים בלאָזשיווער און ריביטישער רבין פון ראָש השנה ביז נאָך סוכות. די שענסטע מאָמענטען זיינען עס געווען פאר אים. פון אלע זייטען און ווינקלען האָט מען געקענט אָנטאפען דאָס חסידות. צונויפגעקומען זיינען זיך דאמאָלס פון דעם גאנצען געגענט, יונגעלייט, בחורים, תלמידי חכמים, אַלטע גרייז גרויע חסידים וואָס זיינען נאָך געפאָרען צום

רבין ר׳ דוד שפּירא פון דינאָוו. אַ תענוג רוחני איז עס געווען זיך מיט זיי אַוועקצוזעצן ביי חסידישע שמועסן. און ספּעציעל מיט דעם יונגען רב ר׳ ישראל שפּירא.*

עס ליגט אים נאָך אין זכרון דאָס התלהבות וואָס עס פלעגט אים באַהערשן בעת דער בלאַזיווער רבי פלעגט זאָגן פאַר כל נדרי דעם זהר קם רבי שמעון. אַ חיות האָט ער געהאַט צו הערן דאָס דאַווענען פון דעם בערטשער חסיד מענדעל ווײַנשעלבוים, בעת ער האָט געזאָגט, אתיתי לחננך בלב קרוע ומורתח, בקש רחמים כעני בפתח — איך בין געקומען בעטן מיט אַ דערשראָקען און צוריסען האַרץ, בעטן דערבאַרמונג ווי איין אָרימאַן ביי דער טיר — וויפיעל הכנעה און געפיל עס האָט געשטעקט אין זיין געבעט אז טרערען פלעגען אים אָנקומען אין די אויגען. ער האָט זיך דערמאָנט די אָנגענעמע צייט פון זיין פריער יוגענט, ווען ער האָט געלערענט אין ריישער ישיבה ביי זיין גרויסען רבין ר׳ יוסף רייך דעם גאון און מקובל. געגעסען טעג ביי די אָנגעזעענסטע בעלי בתים אין שטאָט, ביי דעם דאַמאָלסדיגען ראש הקהל ר׳ מאָטיש עקשטיין, אברהם שפּירא, מאָטעלע מינץ. אידען, ביי וועלכע עס איז געווען פעראייניגט תורה וגדולה אויף איין טיש. די צייט ווען ער פלעגט צומאל איבערלערנען דעם שיעור אין דער צאַנזער קלויז מיט חברים וואָס האָבען געהאַלטען פון אנדערע רביים, אוועקגעפירט מיט זיי דעריבער הייסע ויכוחים ווי אַ פיש אין וואַסער האָט ער זיך דערנאָך געשפּירט אין דעם דינאָווער בית-המדרש צווישען די טויזענטער ספרים, אין וועלכע ער האָט געלערענט אַנאויפהער. זומער פאַרטאָג ווען די זון האָט זיך נאָר וואָס ארויסגערוקט פון די ווייטע מזרח בערג, ווינטער

---

* ער געפינט זיך היינט אין ברוקלין

שפּעט אין אָווענט ווען דאָס בית-המדרש איז געווען ליידיג האלב טונקעל עס איז נאָר געבליבען מאירל דער בעל תשובה, האָט זיך געהערט זיין זיס בענגליכער גמרא ניגון וואָס האָט געצערטעלט די נשמה ווי אַ פיינע מוזיק.

חרוב און פארניכטעט איז אלעס געוואָרען, די רביים זיינע מיט די חסידים, צוזאַמען מיט די בתי מדרשים, דורך די גרויליכע רוצחים. זיינע פריינט, עלטערען און חברים זיינען אויף אַ ברוטאַלען אופן דערמאָרדערט געוואָרען פאר זיינע אויגען. נאָר אים קומט נאָך אוים אַ צייט צו ליידען יסורים, מסתמה פאר זיינע „חטאים". עס איז אים געקומען אויפן געדאנק דאָס ער וואָלט גאָר איצט באַדארפט זאָגען, איכה ישבה בדד. דאָס איז איצט געבליבען פון די דינאָווער אידען, דער שווער פארוואונדעטער ישראל משה איינזידלער מיט זיינע זין און צוויי יונגע בחורים יששכר גרינבוים און לייביש ראָט. אויף זיי אלע ווארט איצט איעדע מינוט דער גרויזאמער טויט פון די רוצחישע הענט. פון זיין ברוסט האָט זיך ארויס־געריסען אַ שווערער זיפץ א' א' למה עזבתני — ג־ט, וואָס האָסטו מיך פארלאָזט — רחוק מישועתי דברי שאגתי. נאָר באלד האָט ער זיך דערמאָנט אז אַ איד טאָר נישט ארייגפאלען אין קיין יאוש און נישט מתרעם זיין נאָר ער דארף מקבל זיין די יסורים באהבה — ער דארף אָננעמען די ליידען מיט ליבשאפט — און זיין גרייט איעדע מינוט אויף קידוש השם.

נישט לאנג האָט ישראל משה איינזידלער געלעבט אין לאגער, די ס' ס' באנדיטען האָבען זיך דערוואוסט דאָס ער לעבט אומלעגאל, ער איז געבליבען אַ פארוואונדעטער נאָך אַ פּאָגראָם אקציע פון זייערע רוצחישע קאמעראדען, האָבען זיי אים ארויסגעשלעפט פון באראק און דערשאָסען צוזאמען מיט נאָך צוויי שווער קראנקע אידען, נעבען דעם גרוב וואָס זיי

האַבען צוגעגרייט. זיינע זין מיט לייביש ראַט האַבען אים מקבר געווען. מיט אַ יאָמערליך געוויין האָט אָפּגעקלונגען דער איינזאמער קדיש צווישען די נאקעטע בוימער און פוסטען וואלד.

אַ קורצע צייט נאָך דער בעסטיאַלישער רציחה איבער ישראל משה איינזידלער, האָבען זיי אדורכגעפירט אַ סעלעקציע און אוועקגענומען פון דעם לאגער משה בער קאַלעך, מיט ישראל משה'ס יונגערען זון מענדעלע איינזידלער, אַ שוואך דראָבנע יונגעל וואָס האָט זיך קוים ארומגעשליפּט אויף די פיס. זיין עלטערען ברודער אהרן מיט ישכר גרינבוים האָבען זיי איבערגעשיקט אין אַ ריישער וואָפען פאַבריק. נאָר לייביש ראַט איז איבערגעבליבען פון די דינאַווער. די גרויזאַמע סעלעקציעס און רציחות איבער זיינע חברים האָבען אים אינגאַנצען דערשיטערט. ער האָט דערזען אז אויך זיינע טעג זיינען געציילטע. פון טאָג צו טאָג פאלט ער פון די כוחות, ביי דער נאָענטער סעלעקציע וועט אויך זיין גורל געחתמעט ווערען אויף לינקס צו דערשיסען. אַ שוידער האָט אים ארום־גענומען דערמאָנענדיג זיך ווי אזוי מען פירט די אומגליקליכע קרבנות ווי די שאָף צו דער שחיטה. אויף דעם באַפעל פון די רוצחים לייגען זיי זיך לעבעדיגערהייט נעבען די קברים כדי די רוצחים זאָל זיין גרינג צו צילען, זיי טוען נאָך אויס פון זיך די קליידער כדי זיי זאָלען נישט פארבלוטיגט ווערען פון זייער בלוט. ער האָט פלוצים דערזען אז דאָס איז אַ וואנזין, אַ משוגעת, איילען זיך צו לייגען אויף דער ערד און אַראָפּנעמען די קליידער. אין זיין מוח האָט אויפגעבליצט דער געדאנק פון נקמה, איידער מען לאָדענט אים אויף ווי פסולת אויף אַ מיסט וואָגען צווישען אַ מאסע קראנקע. אויב נישט צו נעמען נקמה, איז צוועקלאָז צו מאטערען זיך דאָ אין לאַגער, און ארבייטען פאר די רוצחים כדי דערנאָך דערשאָסען צו ווערען ווי

אַ הונ.ט די ביזאיצטיגע שרעק וואָס האָט אים פאַרפּאָלגט טאָג און נאַכט, איז פּלוצים פאַרשוואונדען געוואָרען. אין זיין הארץ האָט איצט געברענט אַ פייערדיגער דורשט נאָך נקמה.

ער איז גרייט געווען צו דערלאַנגען איין ס׳ ס׳ מאַן אָדער איין אוקראַאינישען רוצח מיט דער לאָפּאַטע איבער דעם קאָפּ, נאָר ער האָט זיך עפּעס צוריקגעהאַלטען, עס האָט זיך אים אויסגעוויזען צו ביליג צו פאַרקויפען זיין לעבען פאַר אַ בלויזען קלאַפּ, טאָמער הרגעט ער אים נישט. בעסער וואָלט געווען אַראָפּצורוימען די וועכטער און אַנטלויפען. ער האָט זיך צונויפגערעדט מיט עטליכע פון זיינע חברים וואָס האָבען צו־זאַמען מיט אים געאַרבייט און פאַר זיי פאַרגעלייגט דעם פּלאַן, פון אָפּרוימען די וועכטער און אַנטלויפען אין די וועלדער צו די פּאַרטיזאַנער. צו דעם צוועק האָט ער באַהאַלטען די האַק מיט וועלכער ער פלעגט האַקען האָלץ. די חברים האָבען זיך צו־געגרייט עטליכע מעסערס וועלכע זיי האָבען זיך אַליין געמאַכט פון אַלטע שטיקלעך אייזען, און געוואַרט אויף אַ גונסטיגען מאָמענט וועלכער איז טאַקע באַלד אונטערגעקומען. אין אַ רעגענדיגען בין־השמשות, נאָכדעם ווי די ס׳ ס׳ רוצחים זיינען זיך צעקראָכען אַ היים, איבערלאָזענדיג אַ שמירה בלויז פון פיר אוקראַאינער. לייביש ראָט האָט דאַמאָלס געגעבען אַ סיגנאַל און איז דער ערשטער צוגעשפּרינגען צו איין באַנדיט מיט דער האַק און אים צעשפּאָלטען דעם קאָפּ נאָך איידער ער האָט געהאַט צייט אַ געשריי צוגעבען. די חברים זיינע האָבען בליץ שנעל נאָכגעטאָן זייןביישפּיל און זיך געוואָרפען אויף די רעשט דריי אַזוי אַז זיי האָבען אפילו נישט געהאַט קיין צייט צו שיסען. אין איינציגע מינוטען זיינען אַלע פיר געלעגען אויף דער ערד גוססדיגע, באַגאָסען מיט זייער טריפהנעם בלוט. לייביש ראָט האָט זיי אַלע צוגעפּערטיגט מיט דער האַק. אַ צופרידענהייט האָט אים דערביי אַרומגענומען. עס איז אים מיטאַמאָל לייכטער געוואָרען אויף דעם האַרץ ווי נאָך אַ

שווערע משא. כאָטש איינמאָל גענומען אַ גערעכטע נקמה אין די גרויזאַמע רוצחים וואָס האָבן געהייסען ישראל משה איינזידלער זיך אויסטוען און אַנידערלייגען נעבען דעם גרוב און אים געצילט אין קאָפּ אריין. מער וועלען זיי שוין קיינעם נישט שיסען. באַוואָפּענט מיט אַ ביקס וואָס ער האָט צוגענומען ביי די רויבער איז ער אַנטלאָפען אין וואַלד אריין צוזאַמען מיט די חברים. אַ גאַנצע נאַכט זיינען זיי געלאָפען איבער די וועלדער און פעלדער, געיאָגט פון אַ פּאַנישע שרעק. ערשט אין דער פרי האָבן זיי זיך צעטיילט צו צוויי מאַן מען זאָל זיי נישט באַמערקען. אַ גאַנצען טאָג איז ער געלעגען פאַר־שטעקט צווישען די בוימער. ביינאַכט האָט ער זיך ארויס־געשאַרט פון וואַלד אויף די שכינותדיגע פעלדער זוכען אַ באַרעק, אַ קעפּעל קרויט, וועלכעס ער האָט געגעסען רויערהייט. ער האָט זיך איצט אויפסניי איבערצייגט אז עס איז פיעל בעסער און זיכערער, צו לעבען אין וואַלד צווישען די פירפיסיגע חיות, איידער צווישען די גרויליכע צווייפיסיגע מענשען־חיות.

ער האָט זיך דערמאָנט ווען נאָך אַלס קליין יונגעל פלעגט ער מורא האָבען ביינאַכט צו גיין נעבען די טונקעלע בוימער, צוליב די רוחות וואָס וואוינען דאָרט. איצט האָט ער געזען אז די רוחות וואוינען גאָרנישט אין די וועלדער נאָר אין די שטעט און דערפער, אין גוטע באַקוועמע הייזער און פּאַלאַצען און דאָרט פראַווען זיי זייערע ווילדע אָרגיעס.

קאַפּיטל 14

## אח לצרה יולד

נאָך אַ צייט בלאָנקעניש פון וואַלד צו וואַלד, האָט ער זיך צונויפגעטראָפען מיט פישל פעלדשטיין, אַ דינאָווער יונגערמאַן, וואָס האָט זיך אויסבאַהאַלטען אין די פּרעמישלאַנער וועלדער, אין וועלכע ער האָט יאָרען לאַנג געאַרבייט אלס אַנגעשטעלטער אין אַ גרויסע האָלץ פירמע, זעענדיג אז אלע באַקאַנטע פויערים זיינע וואָס האָבען ביי אים שטעטס פאַרדינט געלד, האָבען אים פאַרראַטען, און אים נישט געלאָזט די שוועל איבערטרעטען, געיאָגט מיט שטעקענס ווי אַ הונט. האָט ער באַשלאָסען אויסצונוצען די פריינטשאַפט פון די בוימער און וואַלד חיות. זיי וועלען אים אויפנעמען ווי אַן אייגענעם און נישט אוועק־טרייבען פון זיך. צוזאַמען מיט אים אין בונקער איז אויך געווען זיין פאָטער משה עלעזר פעלדשטיין, דער פעאיגסטער מלמד און בעל דקדוק פון שטעטל, וועלכער האָט געדענקט גאַנץ תנ״ך בעל פה. אין דער יוגענט פלעגט ער אפילו שרייבען העברעאישע שירים. אין די פריערדיגע יאָרען אז אַ חתן וואָס איז געווען געשלאָגען אויף דער עברי און האָט געוואָלט שרייבען אַ לשון־קודש־בריוו צו זיין מחותן, איז געקומען צו אים. ביי אים האָט אויך מנשה ראָט לייביש ראָטס פאָטער גענומען דעם טעקס צו אלע מצבות. מיט אַ קורצע מליצה האָט ער איבער־געגעבען דאָס התנהגות, אויפפירונג פון דעם פאַרשטאָרבענעם. אויף דער מצבה פון מרדכי אליה מלמד האָט ער אויפגעשריבען, איש חסיד, זקן ושבע ימים, ביתו היה פתוח לכל עובר ושב, מפתו הדל נתן לאביונים. גם בחצות הליל נשמע קולו קול בכי ומרורים, על הר ציון ששמם ועל המקדש שהלכו בו שועלים. דערמיט האָט ער געגעבען אַ בילד פון אַ איד וואָס

האָט פאַרוואַנדעלט זיין הויז אין אַ הכנסת אורחים, און אָפּגערעכט איעדע נאַכט חצות. ער האָט אויך געשמ׳ט אין שטעטל אלס חכם, אַ מענש מיט וועמען מען האָט זיך געקענט אַ עצה האַלטען. ארום אים האָט מען שטענדיג געטראָפען אַ רעדעל מענשען, וואָס האָבען ליב געהאָט צו הערען פון אים איבער אלטע צייטען פון שטעטל, פון די רבנים, פּרנסים, פון דעם אלטען מחלוקת צווישען חסידים און משכילים אין וועלכען ער איז געווען גוט באַקאַנט ווי אַ געניטער היסטאָ־ריקער פון דעם שטעטל. ווען לייביש ראָט איז צו אים אריינ געקומען דאָס ערשטע מאָל אין דעם בונקער אריין, האָט זיך אים געדאַכט אז ער איז לעבעדיגערהייט אריין אין אַ קבר. פאַר זיינע אויגען האָט זיך געשטעלט אַ טרויעריג בילד. די מענשען וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען שוין איינינגע מאָנאטען, האָבען גאָר ניטש אויסגעזען ווי לעבעדיגע, נאָר ווי לאנגיעריגע צעפוילטע שקעלעטען, נעבען וועלכע עס איז אים געווען שווער צו שטעהן. עס האָבען דאָרט געפוילט די לעבעדיגע צוזאמען מיט די טויטע וואָס מען האָט אינעווייניג באַגראָבען. דאָרט איז נישט געווען קענטיג קיין פרימאָרגען און קיין אָוועגט. די צייט האָט אויפגעהערט גייען מיט איר נאָרמאלען וועג, ווי זי וואָלט זיך אינגאַנצען אָפּגעשטעלט. דער נעכטען און דער מאָרגען האָבען זיך צונויפגעגאָסען און געשאַפען אַ מין טונקעלעם אָקעאַן אָן אַ ברעג און אָן אָן ענדע. דאָס קאַפּיטשקאָלע וואָס האָט דאָרט געברענט, האָט אויסגעזען ווי אַ לעמפעל אין אַ בית־הקברות הייל. לאַנג האָט ער אָנ־געקוקט דאָס געזיכט פון משה עלעזר כדי צו דערקענען אין אים זיין אַמאָליגען רבין, מיט וועלכען עס איז פאַרבונדען אַ שטיק צייט פון זיינע גליקליכע קינדער יאָרען, וואָס זיינען פאַרשוואונדען געוואָרען ווי שעהנע מוראזשען. דאמאָלס ווען ער איז געזעסען אין חדר אויף דעם בוידעם שטיבעל און זיך צוגעהערט ווי משה עלעזר זאָגט פאַר מיט אַ בענגליכען

ניגון, האזינו השמים ואדברה, ותשמע הארץ אמרי פי, יערוף כמטר לקחי, תזל כטל אמרתי — פארנעמט איר הימלען און איך וועל ריידען, און די ערד זאָל צוהערען די ווערטער פון מיין מויל, זאָל רינען ווי אַ רעגען מיין לערע, און טריפען ווי טוי מיינע רייד — איעדעס וואָרט האָט אריינגעדרונגען אין די טיפענישען פון זיין יונג הארץ, און צעשפּילט זיין קינדישע פאנטאזיע. עס האָט זיך ביי אים דאַמאָלס צונויפגעפלאָכטען די ענדע פון פרייליכען זומער מיט דעם אָנקום פון הערבסט, די פארוויאנעטע בלעטער, אָפּגעהוילטע בוימער, מיט משה רבינו׳ס שירה פאר זיין פטירה. עס האָט ביי אים ארויסגערופען אין זיין יונגען מוח פארשידענע געפילען, פארשידענע געדאַנקען. טיעף האָט זיך איינגעקרוצט אין זיין זכרון די הפטורה פון שבת חזון, ידע שור קנהו וחמור אבוס בעליו, ישראל לא ידע עמי לא התבונן, און פון שבת נחמו, נחמו נחמו עמי, דברו על לב ירושלים וקראו אליה כי מלאה צבאה כי נרצה עונה כי לקחה מיד ד׳ כפלים ככל חטאתיה — דער אָקס ווייסט ווער אים קופט, און דער אייזל דערקענט דעם זשלויב פון זיין בעל־הבית, ישראל ווייסט נישט, מיין פאָלק וויל נישט פאַרשטעהן— נחמו טרייסט מיין פאָלק, רעד אויף דעם הארץ פון ירושלים דאָס איר זינד איז פארגעבען געוואָרען, ווייל זי האָט שוין אָפּגענומען פון דער ג־טליכער האנט טאָפּעלט ווי אירע זינד — זיינע גרינע אויגען האָבען אדורכגעלויכטען דורך די שארפע קורצזיכטיגע גלעזער ווי גרינע פייערלעך. די לאנגע ברעמען האָבען געציטערט, דאָס גאַנצע געזיכט האָט געשיינט פון ענטוזיאזם. עס איז געווען קענטיג אין אים דאָס איעדע שורה פון נביא רירען אים אָן אין די סאַמע טיפענישען פון זיין פילבארער נשמה. פארשוואונדען איז אלעם ווי אַ רויך אָקעגען דעם שטורם פון דער גרויליכער ווירקליכקייט. פאר אים איז געלעגען איין אויסגעטרוקענטער שקעלעט אָן אַ טראָפּען בלוט, מיט אַ שניי ווייסער באָרד,

רויטע געשוואָלענע אויגען, האלב פארבלענדעט פון דעם טונקעלניש. ער האָט זיך אַנאויפהערליך געשטיקט מיט דעם הוסט, עס האָט זיך געדאכט אז אָט אָט לעשט ער אוים. דאָס בילד האָט אים פארקלעמט דאָס הארץ און זיינע גע־הארטעוועטע אויגען וואָס האָבען זיך גענוג צוגעזען צו די גרויליכע מעשים, זיינען איצט ווידער פול געוואָרען מיט טרערען ווי ביי איין קינד. אָט אזוי ענדיגען טראַגיש זייער לעבען די רעשטלעך פון די דינאָווער אידען, איינזאַם פארלאָזט פון אַלעמען אין אַ הייל ווי מיט טויזענטער יארען צוריק. נאָך ערגער ווי אין דער צייט פון גרויסען נביא ירמיה וועלכער האָט געזאָגט זיין קלאָג ליד, איכה ישבה בדד — ווי אזוי ביסטו געבליבען עלענט — אלע דיינע פריינט האָבען דיך פאראטען, אַלע זוכען זיי דיין אָרעם נפש צו גזלען. לאנג האָט משה עלעזר געקוקט אויף אים ביז ער האָט זיך דערמאָנט. טראָץ זיינע גיהנם ליידען איז ער נאָך געווען ביים פולען זינען און באוואוסטזיין. ער האָט צו אים מיט אַ שוואכע שטימע געזאָגט יאָ, לייבטשע, איך פלעג שרייבען דיין טאַטען דעם טעקסט צו די מצבות, היינט איז שוין נישטאָ וועמען צו שטעלען מצבות, מען וועט אמאָל דארפען שטעלען איין גרויסע מצבה נאָך דעם גאַנצען שטעטל, וואָס איז אומגעקומען אין דער גרויזאַמער שחיטה. זאָל ג־ט רחמנות האָבען אויף אייך יונגע קינדער, איר זאָלט כאָטש בלייבען די לעבעדיגע עדות פון אונזערע גיהנם יסורים, זאָגען אַ קדיש, אַ יזכור נאָך אונז אלע. ביידע האָבען זיך ביטער צעוויינט.

נישט אין קיין בעסערע לאַגע האָט זיך געפונען זיין זון פישל. ער האָט געליטען אויף שווינדזוכט און פון טאָג צו טאָג איז ער אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט. זיי האָבען געלעבט מיט קארטאָפעל און בערקעס, וואָס ער האָט געבראַנגט פון די ארומיגע פעלדער. זינט לייביש ראָט איז געקומען אין

בונקער אריין, האָט זיך די לאַגע אַ ביסעל געבעסערט פאַר זיי. ער האָט אָפט געברענגט אַ ביסעל מילך מיט ברויט,, פון דאָרף. נאָר דער גרויזאַמער טויט האָט זיי שוין לאַנג געהאַל־טען שטייף אין זיינע נעגיל. אין דעם שוידערליכען טונקעלעם קבר האָט משה עלעזר אויסגעהויכט זיין נשמה. אין אַ קורצער צייט דערנאָך איז זיין זון געשטאָרבען. ביידע האָבען זיי אויך געפונען זייער רוה אין די טיפענישען פון בונקער. לייביש ראָט איז ווידער אויסגעקומען צו זיין דער קברן און איינ־זאַמער מקונן נאָך זיינע נאָנסטע הארציגע פריינט.

## קאַפּיטל 15

## הנאהבים והנעימים בחיהים ובמותם לא נפרדי

אין אַ קאַלטען ווינטערדיגען טאָג, ווען דער וואלד האָט אויסגעזען ווי איינגעשלאָפען פאַרדעקט מיט אַ גלאַנציקער זילבער דעק, איז לייביש ראָט זיך געזעסען רואיג אין זיין הייל און געבראָטען קאַרטאָפעל, געוואַרימט זיך ביי דעם פייער צוזאַמען מיט די אַנדערע בונקער איינוואוינער אַ מאַן מיט אַ פרוי און קינד, פישל פעלדשטיינס אַ חבר, אַן אַנגע־שטעלטער אין דעם זעלבען וואלד. זיינען אַנגעפאַלען אויף דעם בונקער אוקראַאינישע וואלד העקער מיט די שאַרפע טאַפּערס אין די הענט, גערעכט זיך צו טרעפען דאָרט אַ גרויסען אוצר וואָס די אידען האָבען מיט זיך באַהאַלטען. לייביש ראָט איז געפאַלען ווי אַ העלד, ער האָט זיך פאַרטיידיגט מיט דעם רעוואָלווער און דערשאָסען איין באַנדיט און צוויי פאַר־

וזאונדעט, ביז ער איז געפאַלען אונטער זייערע טאַפּערס, און אויסגעהויכט זיין קריסטאַל ריינע, עמפּינדליכע נשמה, וועלכע האָט נאָר וואָס אַנגעהויבען געניסען פון לעבען, פרייד פון שאַפונג, קונסט, באַזונגען די נאַטור, שעהנקייט און מענש־ליכע איידעלקייט. שנעל איז אָבער זיין נשמה דערטרונקען געוואָרען אין דעם ים פון גרויל און פיין דורך די זעלבע מענשען חיות, וואָס ער האָט פריער אזוי טייער געשעצט און באַזינגען. ער איז געפאַלען ווי אַ יונגער בוים פון די גרויזאַמע אקראַאינישע רוצחים וואָס זיינען געקומען זוכען אין דער הייל איין אוצר. די מערדער האָבען אויך דערהאַרגעט זייער אמאָליגען ברויט געבער, מיט זיין פרוי און קינד, פאַרוואַנדעלט דעם בונקער אין אַ שעכטהויז פאַרבלוטיגטע צעשעקיטע גידערים מיט אַ קעפּעל פון אַ יונג קינד. אַנשטאַט גאָלד אין זילבער האָבען זיי דאָרט געטראָפען אַ ביסעל קאַרטאָפּעל מיט בוראקעס און אַ פּאָר באקאַן בלעטער, וועלכע משה עלעזור האָט נאָך איבערגעלאָזט נאָך זיך. די איינציגע רייכע ירושה, עטליכע גאָלדענע ציין האָבען זיי נאָך ארויסגעריסען פון דער טויטער פרוי.

פאַרבלוטיגטע ווי קאַלער זיינען זיי אהיימגעגאַנגען נאָך דער גרויזאַמער בלויטיגער ארבייט, צו זייערע מכשפות, און יונגע ממזרים. מיטגענומען דעם דערשאָסענעם מערדער און דערציילט אין דאָרף אז די אידען זיינען זיי באַפאַלען און איינעם פון זיי דערשאָסען, קוים וואָס זיי האָבען די מערדער בייגע־קומען. דאָס גאַנצע דאָרף האָט באַגלייט דעם טויטען רוצח אויף דעם צעמענטאַזש, און דער גלח האָט נאָך אים אָפּגערעכט טרויער תפלות און געבעטען דעם גן־עדן פאַר די ריינע רוצ־חישע נשמה. אָנגעזאָגט זיינע שעפּעלעך וואָס האָבען געהאָלפען אויסשעכטען די אידען אין גאַנצען געגענט אז זיי זאָלען נאָכזוכען אין די וועלדער די שפּאַרען פון די אידישע מערדער

פארטיזאַנער און איבערגעבען זיי אין די הענט פון דער דייטשער גערעכטיגקייט. אַ פּאָר טעג האָבען זיך געוואַלגערט די אידישע קערפּער פריי פאר די חיות, ביז עס איז דורכגע־גאנגען דער אַלטער לעשני פון וואלד, און דערזען דעם אָפענעם בונקער, איז ער אריינגעגאַנגען אינעווייניג און דערזען דאָס גרויליכע בילד פון וועלכען די האָר האָבען זיך אים געשטעלט קאַפּויער. פארגליווערט בלוט, געדערים מיט מאַרך און אַ קינדער קאָפּ, ער האָט פאַרבראַכען מיט די הענט. אַ שמער־צליכע שאַנד האָט באַגאָסען זיין אַלט געזיכט, אָט דאָס זיינען די מעשים פון זיינע באַקאַנטע פויערים, די וואַלד העקער. אזוי האָבען זיי אָפּגעדינט זייער לאַנגיעריגען אידישען גוטען פריינט, ביי וועלכען זיי האָבען פארדינט אויף ברויט. פון זיין ברוסט האָט זיך ארויסגעריסען אַ קללה אויף די שווידערליכע קינדער מערדער, אויף דעם גאנצען דאָרף, אויף אַלע פויערים וואָס זיינען פארשמירט פון אידיש בלוט. אויף דעם גלח דעם מאַרד העצער און דייטשער משרת. עס איז אים איצט אפילו געווען אַ שאַנד צו טראגען אויף זיך אפילו דעם נאָמען פון זיין מערדער פאָלק. איינזאַם און אויסבאהאַלטען איז געווען זיין שאַנדע און ווייטאָג. איינער פון די יחדי סגולה אין וועלכע דער מענשליכער פונק איז נאָך נישט פארלאָשען געוואָרען אין דעם ים פון בלוט און גרוילעניש. ער האָט געוואוסט פון דעם בונקער און זאָגאר אָפּט עפּעס אריינגעטראָגען. ער האָט זיי באערדיגט, פארשיט דעם בונקער און אַוועקגעשטעלט אַ שטיין אויף אַ סימן. אין דער היים האָט ער אָנגעצינדען אַ לעכט נאָך זייערע נשמות און אָפּגערעכט נאָך זיי אַ תפלה פון טיפען הארץ, צו דעם ג־ט פון ישראל, ער זאָל עפענען די טויערען פון גן־עדן פאר זיי און באַשטראָפען די מערדער.

אויף אלע וועגען, שטעט און דערפער פון מעריב אוקראַ־אינאַ, זיינען בעספּעציאליש דערמאָרדעט געוואָרען די דינאַווער אידען מיט זייערע ברידער און שוועסטער פון גאַנץ פּוילען.

מענדעל פרענקעל, אַ פּייערדיגער חובב ציון, איינער פון די פרנסי העיר, האָבען זיי פאַרברענט צוזאַמען מיט זיין פרוי און צוויי טעכטער.

אין 43־טען יאָר איז דאָס שטעטל געוואָרען אידענריין. די איינציגע פאַרבליבענע פאַמיליעס, חמה יארע, פערטשע ראָזענבערג מיט צוויי קינדער און רחל גאָלדשמיט, האָבען די רוצחים אויפגעלאָדענט אויף אַ וואָגען און אַוועקגעפירט קיין ברעזוב.

די לעצטע קרבנות אין שטעטל זיינען געווען צוויי יונגע מיידלעך, חנה שרייער דאָס אייניקעל פון בערעלע שרייער און נתן רייכס אַ טאָכטער. זיי האָבען זיך אַ צייט אויסבאַהאַלטען אלס פּוילישע פרויען. דערנאָך האָבען די שכנים זיי איבערגעגעבען אין די דייטשע הענט. מען האָטביידע דערשאָסען עפענטליך אלס די איינציגע פאַרברעכער וואָס האָבען נאָך געוואָגט צו לעבען נאָכדעם ווי מען האָט דינאַוו דערקלערט אידענריין, אין מיטן מארק אויף גאָלדהאמערס פּלאַץ און דאָרט באַגראָבען. נאָך דעם ווי זיי זיינען פאַרטיג געוואָרען מיט די לעבעדיגע אידען האָבען די וואנדאלען זיך גענומען צו די טויטע. צענומען אלע מצבות פון בית־הקברות און אויסברוקירט די טראָטוארען. גלייכצייטיג האָבען זיי צעשטערט אַ סך אידישע הייזער, געזוכט באגראָבען געלט. אויף דעם ארט פון שלמה ליב לישנערס הויז האָבען זיי פאַרזעצט קאַרטאָפעל.

קאַפּיטל 16

# דער לעצטער שאָטען אונטער דעם שטעטל
# אַי אַי למה עזבתנו

אָנפאַנג זומער 44-טער יאָר. דער הימעל אַ לויטערער ווי בלויער זייד. איין אומעטיגע לבנה האָט באַלויכטען דעם גאַנצען האָריזאָנט מיט אַ מאַטע ליכט. אומעטיגע האָבען אויסגעזען אין די נאַכט שעה'ן די פאַראייניזאַמטע סאָסנעס ארום דעם שטעטל. עס האָט זיך געדאַכט אַז זיי רעכטען אָפּ אַ שטילע איינזאַמע טרויער תפלה. אַ פּוסטקייט. אַ מרה שחורה האָט געשלאָגען פון דעם שטעטל, פון די חרובדיגע אידישע הייזער וואָס זיינען פאַרניכטעט געוואָרען צוזאַמען מיט די איינוואוינער. חוצפה'דיג האָט ארויסגעבלאַנקט דער קופּאָל פון דער דינאָווער צערקווע, ווי עפּעס אַ שווידערליכע מיטעלאַלטער תפיסה.

אויף דעם בארג ווי עס איז אַמאָל געווען דאָס אַלטע בית-הקברות, האָט זיך געשלייכט ווי אַ שאָטען דער איינציגער לעבעדיגער אידישער עדות וואָס האָט געדענקט דאָס שטעטל אין איר פולער פּראַכט. ווען אין אַלע געסלעך האָט זיך געהערט אַ געפּילדער פון פריילֿיכע קינדער, אַ טומעל אַ גערודער פון סוחרים, בעלי מלאכות, און פון דער שוהל און בית-המדרש האָט זיך געהערט הארציגע תפילות און בענקליכע ניגונים. און דערנאָך זיך צוגעזען מיט די אייגענע אויגען, צו דעם שרעקליכען חורבן, צו די גרויזאַמע שחיטות פון אירע איינ-

וואוינער. צו דער וואַנדאַלישער שרפה אין שוהל מיט אלע אירע הייליגע אוצרות צוזאַמען מיט אירע כהנים. און איצט פארבליבען דער איינציגער מקונן נאָך אלע. דאָס איז געווען אַ אידישע פרוי וואָס האָט זיך אויסבאַהאַלטען אין אַ בונקער אין אַ דערפעל ביי דינאָוו. זי איז איצט געגאַנגען מיט אַ זעקעלע עסען פון אַ באַקאַנטען שטעטישען פּאָלאַק. אויס־געזען האָט זי ווי אַ שקעלעט וואָס האָט זיך אויפגעהויבען פון דעם אַלטען בית הקברות. אירע האר זיינען געווען אינגאַנצען גרויע, כאָטש זי איז אַלט געווען נאָר זעקס און דרייסיג יאָר. אַנגעטאָן אין אַ צעריסענע פויעריש קליידעל וואָס האָט קוים פארדעקט איר אויסגעמאַגערט לייב. אַ באַר־וויסע האָט זי זיך געשלייכט אויף דער שמאָלער סטעזשקע אראָפּ פון דעם בית־הקברות, נעבען דעם קוועלעכעל, ווי אַ גנב וואָס שלייכט זיך שטיל אדורך אין די ביינאַכטיגע שעה'ן כדי פון קיינעם נישט דערקענט צו ווערען. מיט איר אוצר וואָס איז באַשטאַנען פון אַ ברויט, אַ ביסעל קאַרטאָפעל מיט מייערען. אירע געשוואָלענע רויטע אויגען זיינען ווילד ארומגעלאָפען פון אלע זייטען. איעדער שאָרך האָט זי אויפ־געשוידערט און אָפּגעשטעלט דאָס הארץ, ווי אַ דערשרעקענע חיה וואָס אלע לאָקערען אויף איר אָרימע פעל. זי איז אַ גנבטע וואָס באהאלט אויס איר אייגען אָפּגעהאקט פארביטערט לעבען פון דער ברוטאַלער קאַניבאַלישער דייטשער מאכט. צוקומענדיג צום ברעג פון סאן נישט ווייט פון דעם חרוב געוואָרע־נעם אידישען טארנאָק, צו איין אלטער מיט מאָך באוואקסענע ווערבע, האָט איר דאָס הארץ אויפגעציטערט. פאר אירע אויגען איז אויפגעשטאַנען דאָס שוין פון לאנג פארגעסענע און פארשטוי־בטע בילד פון איר יוגענט. אַ געשיכטע פון זעכצען יאר צוריק. אין אזא לויטערן מאי אווענט ווען פון די בוימער און פרישע גראָזען, יונגע צאַפּלדיגע רויזען האָט זיך געטראָגען אַ פאר־שיכורענדיגער דופט, איז זי געזעסען אויף דעם זעלבען פלאץ

מיט אירע חברטעס און חברים און געזיינגען מיט עקסטאז, על אם הדרך שמה מתגוללת, שושנה חכלילת ענים, נהדפת מסער עליה נובלת שוכבת פה מיומים, והיא מתחננת לכל הולכיה, אנא אישים חנונו, שמרו צעדיכם אותו מנגוע פן ברגליכם תרמסונו, אנא חנונו מעפר הרומינו, פן אהיה למרמס רגלים, בידכם שאינו על עדן גני אל גן מחמד ענים, זה קוטף וזה חומס, זה טורף וזה רומס, מאז לא מצאתי מנוח, גלמודה שוכבת וממטר נרקבת עד אין בי כח, מציון אני יהודה שמי ועתה הננו בגולה — אין מיטען וועג וואלגערט זיך ארום א רויז א רויטע וואָס בלענט די אויגען, זי ווערט געשליידערט פון שטאָרם אירע בלעטלעך ווערען פערוויאַניט, זי ליגט דאָ אפּאָר טעג. אין בעט זיך צו אלע דורכגייער, הערן דערבארימט אייך, זייט פאָרזיכטיג מיט אייערע טריט מיך אנצורירען, טאָמער וועל איך צוטרויטען ווערען אונטער אייערע פוס מיט אייערע הענט טראָגט מיך איבער אין מיין גן עדן אריין. איך בין פון ציון מיין נאָמען איז יהודה, יעצט בין איך אין גלות. פון דאמאָלס אָן האָב איך נישט געפונען קיין רוה. איינזאם ליג איך, פון רעגען ווער איך פארפוילט, דאָס איך האָב שוין מער נישט קיין כח. דער שנייד, און דער רויבט, דער פערציקט, אין דער צוטרעט — דאמאָלס פלעגט דאָס ליד אומבאוואוסטזיניג ארויסרופען טרערען אין אירע אויגען. היינט פארשטעהט זי שוין ריכטיג דעם אינהאלט פון דעם ליד, אויף דעם זעלבען ארט פלעגען זומער פאָרקומען פאָר־לעזונגען איבער דער העברעאישער ליטעראטור, א שיחה איבער ארץ ישראל, מיט וועלכען איר נשמה איז דאן געווען אָנגעפולט. כמעט אלע דאמאָלדיגע חברים און חברטעס זיינען אוועק בויען דאָס אייגענע היימלאנד, נאר זי איינע איז פארבליבען, זי האָט חרטה באקומען און אוועקגעוואָרפען איר חתן, עס האָט זי באַצויבערט דער רייכער שידוך וואָס מען האָט איר גערעדט פון דעם שכינותדיגען שטעטל. א

בחור א וואלד סוחר, מיט עטליכע טויזענט דאָלער, צוליב וועלכען זי האָט אוועקגעוואָרפען די הייליגע שיבת ציון-אידעע, מיט דעם אמת'ן פריינט פון איר יונג הארץ. א קורצע צייט נאָך דער חתונה, האָבען זיך אויסגעלאָזט אירע גליקען, דעם מאַנס יאַקענהאזען זיינען געוואָרען האָזען. אוים דאָלארען, אוים וועלדער. קיין שלום בית האָט זי אויך נישט געהאָט מיט אים. אליין איז ער געווען א גאַנץ פּראָסטער מענש, ווייט אונטערשטעליג פון איר. ער האָט זי נישט פארשטאַנען, נישט זי אים. שטעטס איז זי ארומגעגאַנגען א פארכמורעטע מיט א חרטה געפיל אויף דעם גאַנצען עסק. נאָר צוריק קערען דאָס ראָד פון דער געשיכטע איז געווען צו שפּעט. מיט דער צייט האָט זי זיך צוגעוואוינט צו דער נויט און אָרימקייט, אָפּגעגעבען זיך מיט די קינדער. פּלוצים איז אָנגעקומען דער שרעקליכער חורבן, איר מאַן איז אומגעקומען באלד דעם צווייטען טאָג ראש השנה אין 39 יאָר ביי דער גרויסער שחיטה. די קינדער זיינען שפּעטער אויסגעשטאָרבען פון טיפוס און שווינדזוכט. זי איז געבליבען איינע אליין עלענט ווי א שטיין אָן היימישע און אָן פריינט. ארומגערינגעלט פון אלע זייטען מיט רוצחים און מענשען פרעסער. א סוירפּריז פון גורל, פון איר גאַנצען פאַר־מעגען איז איר גאָרנישט פארבליבען, נאָר איין בילד פון איר יוגענט, צוזאַמען מיט די חברטעס און חברים, פון דעם זעלבען אָרט וואָס זי איז איצט געשטאַנען. דאָס בילד איז געווען א קאָלירט קונסט-בילד, אויף וועלכען מען האָט אָנגעזען איר שעהנעם קאָפּ האָר ווי די קרוין פון א צעבליטע רויז. נעבען איר האָט מען געזען די חברטעס און חברים, וואָס זיינען איצט גליקליך, זיי געפונען זיך ווייט פון דעם גיהנם, אין דעם הייליגען לאַנד, דאָס הארץ האָט איר פארקלעמט, ווען זי האָט זיך דערמאָנט, דאָס זי איז זיך אליין שולדיג אין איר ביטערען גורל, וועלכען זי האָט געקענט אויסמיידען ווען זי פאָרט דאַמאָלס מיט אים קיין ארץ ישראל. זי האָט אים פאַראַטען כדי צו

בלייבען זיצען ביי דעם גלות זשלויב ווי אַן אנגעשפּאַרטע בהמה. די קני האָבען איר אַנגעהויבען ציטערען פאר שוואַכקייט. זי איז אוועקגעפאלען נעבען אַ בוים, און אויסגעבראָכען אין אַ יאָמערליך געוויין, א׳ א׳ למה עזבתנו, אינסטינקטיוו ארומ־געגנומען דעם בוים מיט די ביינערדיגע אָרימס. אַ פאַרשמאַכטע איז זי געבליבען ליגען דאָרט אַ לענגערע צייט, ווי אַ צום טויט פאַרמשפּטער וואָס גיט זיך איבער די אילוזיעס פון אמאָליגען פרעכטיגען פרילינג וועלכען ער וועט שוין מער קיינמאָל נישט זען פאר זיינע אויגען. זי האָט אויף אַ מאָמענט פאַרגעסען אין דער טויט געפאַר וואָס לאָקערט אויף איר פון יעדען ווינקעל. זי וועקט זיך איבער פון איר זיסען לעטארג, פון דער אַלטער פאַרשטויבטער פאַרגאַנגענהייט, פון אפשר 50 יאָר צוריק. און פאר אירע אויגען איז ווידער די נאַקעטע ווירקליכקייט, עס שטעהט ווייטער די תליה פאר וועלכער עס איז נישטאַ קיין רעטונג. פון אירע ווייעדיגע אויגען האָבען אנאויפהער געפלאָסען בלוטיגע טרערען, טרערען פון אַ פרוי וואָס מען האָט געשאָכטען איר מאַן, ברודער און שוועס־טער. פון אירע עלטערען האָט מען פאַבריצירט זייף. איינע אליין איז זי געבליבען פון גאַנצען שטעטל אידען. עס האָט זיך איר געדאַכט אַז זי קלאָגט אויף אַ קבר. ערשט ווען די פאַר־טאָגיגע קעלט האָט אַדורכגענומען איר אויסגעמאַטערט לייב, דורך דעם צעריסענעם קלייד, האָט זי זיך דערמאָנט, זיך אויפגעהויבען און מיטגענומען דאָס זעקעלע מיט דעם אוצר, אדורכגעגאַנגען דעם סאַן צו איר נאָרע. אַ גאַנצען זומער האָט זי זיך ארומגעבלאָנקעט ווי אַ שאָטען. די פויערטעס וואָס האָבען זי געזען האָבען זיך איבערגעצלמט ווי פאר עפּעס אַ נישט גוטס. ווינטער הארט פאר דער באַפרייאונג האָבען זי די פויערים געפונען ליגען אַ פאַרפרוירענע נעבען דעם בוים.

פון די דינאַווער אידען איז געבליבען נאָר אַ קליין הייפעל וואָס האָבען זיך געראַטעוועט אין רוסלאַנד. עטליכע זיינען געבליבען לעבען פון די קאַצעטען. צווישען זיי אויך ישכר גרינבוים. שווער איז אים געווען צו דערקענען. פון דעם שווארץ חנעוודיגען אינגעל איז געוואָרען איין אינוואַליד מיט דערשי־טערטע נערוועין. זיינע אויגען וואָס האָבען זיך צוגעזען צו דעם לאַנגיעריגען גרויל און פיין, צו דעם טויט פון זיין גאַנצער פאַמיליע, זיינען געוואָרען שטארק ארויסשטאַרענד ווי צום ארויסשפּרינגען.

אָפטמאָל ווען ער געפינט זיך אין דער געזעלשאַפט פון די פאַרבליבענע דינאַווער, און ער דערמאָנט זיך אין די שעהנע צייט פון זיין יוגענט ווען ער האָט געזונגען די שענסטע סאָלאָס ביי יאַטשע חזן, צעגלאַנצען זיך זיינע אויגען מיט טרערען. פון האַלז רייסען זיך דאַן ארוים די טרויעריגע געטאָ און קאַצעט לידער וועלכע ער מיט זיינע חברים האָבען געזינגען מיט טרערען און בלוט, געטאָ קיינמאָל וועל איך נישט פאַר־געסען אָן דיר. פון זיין הארץ זינגט דאַן ארוים דער פיין און ליידען פון דעם גאַנצען שטעטל וואָס האָט אמאָל געלעבט און געזינגען און איצט איז דערוים געוואָרען שטויב און אש, פון דעם גרויסען טייל פאָלק וואָס איז אזוי טראַגיש אומגעקומען.

**ענדע**

## די נעמען פון די דינאָווער קדושים, וועלכע זיינען אומגעקומען דורך די נאצים דעם צווייטען טאָג ראש השנה שנת ה'ת"ש

משה בוים
לייביש בוים
יצחק גרינעם — א זון פון אהרן גרינעם
ישעיה ווילק
הערש פאָריץ
ישראל יאהרע —זון פון לייבעלע יאהרע
פנחס שעכטער
אייזיק גרינבוים
אייזיק רים
מיילעך רימער
חיים קעניג — מיט זיין זין ליפא קעניג
לאָמבערג
בנימין ראָטה
בצלאל ראָטה
מאַנעס טעפער
יהושע ראָזענבערג — מיט צוויי זין ישעיה און שמעון.
שמעריל — ראובן אשרם איידעם
לייבאָלע שמש

הערש איטשע צייגער
מאיר לאַמפיל
ישראל וואסערמאַן
לייביש גראָסמאַן
יודעל שניצלער
לייביש טרעגער
מנשה ראָטה
משה גימפעל — מיט זיין זון ברוך
מענדעל פיש — מיט זיין זון נפתלי
ישראל וואגנער
משה רינגעל
סענדער ראָזענבערג — מיט זיין זון יצחק
פייוועל שענבאַך
בראנענגראבער — דענטיסט
דוד רייכמאן — מיט זיין שטיפפאָטער מרדכי
ישראל קער
יוסף ראָגעל
שלמה ריין

## ציון לקדושים

| | |
|---|---|
| ישראל — דוד ראָזענבוים׳ס<br>איידעם<br>חיים מאגראם<br>פנחס מעווועל<br>דוד האלמאן | דוד. בער מאַנעסבוים —<br>חיאל׳ס זון<br>וואָלף זאפהאן<br>יוסף שפּאַק<br>הערש שטארק — מיטן שוואגער<br>שמואל |

## די נעמען פון די דינאָווער קדושים וואָס זיינען אומגעקומען דורך די נאַציס נאכדעם ווי מען האָט זיי ארויסגעטריבען פון דינאָוו

| | |
|---|---|
| הרב ר׳ מענדעל שפּירא — דער דינאָווער רב מיט דער רעביצין און קינדער — אין קאָלאָמיי — זיין ברודער דער סאָניקער רבי אלעזר שפּירא — מיט זיין רעביצין אין קינדער אין די מוטער זייערע, די דינאָווער רעביצין<br>הרב ר׳ אברהם שור — דינאָווער דיין — מיט זיין פרוי אין קינדער זיין טאָכטער האָט זיך אויסבאהאלטען אין דעם דאָרף | אזאריטש ביי דינאָוו מיט יעקב מעטץ א זון פון ברוך מעטץ פון רוסקי יאווארניק. זיי זיינען אומ־געקומען קורץ פאר דער באַפריי־אונג.<br>אפרים לאנדא — מיט זיין פרוי און טאָכטער<br>וויינרייך — אינזינער — מיט זיין פרוי און טאָכטער<br>דאָקטאָר אינטראאטער — מיט זיין פרוי און קינדער<br>מינדיל קראנץ |

מענדיל לאבטשער — מיט זיין
פרוי און טאָכטער
לוי פראנק — מיט זיין פרוי און
קינדער
מנשה ראָטס פרוי — מיט די
קינדער
אשר סאק — מיט פרוי און
קינדער
דודל ראָזענבוים
יוסף ראָזענבוים
לייב ראָזענבוים
מלך צוגהאפט — מיט זיין פרוי
און קינדער
מענדעל נעגער — א מיטגליד
פון דינאָווער קולטוס
געמיינדע זיין פרוי בריינ-
דיל און טויבע נעגער
אייזיק גרינבוים'ס פרוי מיט
אירע פיר זין און טעכטער
ישראל משה איינזידלער —
מיט זיינע זין אהרן און
מענדעל
מלך רימער'ס פרוי מיט די
קינדער
אליה זילבערמאן
לייב וויפליך — מיט זיין פרוי
און קינדער

יוסף וויפליך
שמאי וויפליך
שמואל ראָזענבערג
דוד קליין
חוה קליין
זישעלע קאלעך — מיט זיין
פרוי רחל אין צוויי זין
משה בער און אליה און
א טאָכטער חיה
איטשע מאיר פלעקיל — מיט
זיין פרוי און קינדער
וואלף באכנער — מיט זיין פרוי
מחלה און זיין זון דוד
ראובן אשר'ס טאָכטער מיט
די קינדער
שלמה לייב לישנער — מיט זיין
פרוי און דריי זין
צאגהאפט פאמיליע
נחמן קער — מיט זיין פרוי
און קינדער
איטשעלע איינבינדער
דוד יחיאל וואלנער — מיט זיין
פרוי און קינדער
אהרן בערגער — פון דאָרף
האטע מיט זיין פרוי
און קינדער

# ציון לקדושים

אפרים לעבערפעלד — מיט זיין
פרוי און קינדער
דינה וואגנער — מיט די קינדער
מעכלא פרענקעל — א טאָכטער
פון יצחק פרענקעל
וואָלף לייפער — מיט זיין פרוי
און דריי זין ישראל —
הערש מיילעך — יהושע
און א שוועסטער
קריינדעל יאהרע — מיט צוויי
זין איטשע און לייביש
אייזיק קארפ — מיט זיין פרוי
און קינדער
וואָלף אשכנזי — מיט זיין פרוי
און קינד
ישעיה אשכנזי — זיין שווער
דוד מיט זיין פרוי
איטשע ריכטער — מיט זיין
פרוי און זון
שיימא הויבענס קינדער
יוסף גאָלדשמיטס פרוי און
פיער קינדער
בערל לויפער — מיט זיין פרוי
יוסף מאלאן — מיט זיין פרוי
און קינדער

אברהם שטעלצער — מיט זיין
פרוי צוויי זין יונה —
בערל און דריי טעכטער
מאניע — חוה
מרדכי זילבער — מיט זיין פרוי
איציק טאג — מיט זיין פרוי
און צוויי זין שלמה —
און פנחס און א טאָכטער
יעקב דאָמב — מיט זיין פרוי
און צוויי זין יוסף און
יונה — פיר טעכטער
און צוויי איידעמעס
רחל טאהלער — מיט א זון
פנחס
יעקב קאראפיאָל — מיט זיין
פרוי און זון אבא
מענדעל פרענקעל — מיט זיין
פרוי און צוויי טעכטער
ישעיה שאפער — מיט זיין פרוי
און קינדער
רייך פאמיליע
צביה שרייער — מיט איר
איניקעל
נחמן שענקער — מיט זיין
טאָכטער
הערש סעגאל — מיט זיין פרוי
און צוויי טעכטער

וואָלף שפּערלינגס איידעם
איטשע בער — מיט זיין פרוי און טאָכטער
שמואל ווארהאפטיג — מיט זיין טאָכטער און איידעם
העשע רובינפעלד — מיט זיין פרוי
רבקה שטיין — מיט אירע דריי זין משה — איטשע — ישראל יעקב — מיט זייערע פרויען און קינדער
דוד שפּאלטער — מיט זיין פרוי זון יהושע און צוויי טעכטער
אברהם זאַפאן — מיט זיין פרוי און קינדער
רייזעל פיש און אירע צוויי זין פסח און איטשע
הערש ווייניג — מיט זיין פרוי און זון זיינוועל
מאנעק ווייניג
אלטער חיים פינק — מיט זיין פרוי
יוסף שפּאצם פרוי מיט אירע קינדער
פנחס גראָס — מיט זיין פרוי און א זון אברהם

שרה קאסער
חיים אדאם — מיט זיין פרוי און קינדער
ישראל יחיאל — מיט זיין פרוי און זון
מרדכי שייאָוויטש — מיט זיין פרוי און טאָכטער
העניע גראָסמאן — מיט איר זון משה — מיט פרוי און קינדער
אלישע האַבער — דינאָווער ראש הקהל — מיט זיין פרוי רייזעל — א זון פנחס און זיין פרוי
מענדעל פלעקעל — מיט זיין פרוי און צוויי זין — שמעון — ירמיה — און — צוויי טעכטער
יוסף מענדעל גראָסמאן — מיט זיין פרוי מלכה
ישראל נוים — מיט זיין פרוי און קינדער
משה עלעזר פעלדשטיין — מיט צוויי זין פישל — מענדעל מיט א טאָכטער
יעקב ווילק — און זיין ברודער יוסף

**ישעיה שוחט** — מיט זיין
פרוי און טאָכטער, —
זיינע צוויי ברידער —
גרשון ארי — מיט זיין
פרוי — הערש מיילעך ארי
מיט זיין פרוי און קינדער
**איטע פיש**
**יעקב הערש גוטמאַן**
**פנחס ליאן** — מיט זיין פרוי חוה
**חמה יאהרע** — מיט אירע זין
משה און מאיר
**שמואל בערנשטיין**
**פערטשע ראָזענבערג** — מיט
איר טאָכטער חנה און
א זון דוד
**זיינוועל ראטה**
**רייזעל טעוועל** — מיט אירע
צוויי זין זלמן און הערש
און צוויי טעכטער
**משה לאנער** — מיט זיין זין
שמואל — מיט דער פרוי
און קינד
**מערקא שפאַץ** — מיט אירע
צוויי זין נפתלי און שיע
**ישראל שפאַץ** — און זיין
שוועסטער

**מלך רימער** — מיט זיין פרוי
א זון בערל — און א
טאָכטער
**זישע רינגעל** — מיט די קינדער
**מינדיל מילשטיין** — מיט איר
טאָכטער חוה מאגראם
און א טאָכטער איר זין
אנשיל איז געפאלען אויף
דעם שלאכטפעלד
**מעניע אינטראטער** — מיט זיין
פרוי און קינדער
**פנחס אינטראטער** — מיט זיין
פרוי און קינדער
**מנשה נעגערס** פרוי מיט דריי
זין חייקע — שיע —
אברהם און צוויי טעכטער
מאניע — שרה
**חיים שמחה לאמפעל** — מיט
דער פרוי און קינדער
**שמואל צוקער** — זיין פרוי שרה
צוויי זין מאיר — יוסף
א טאָכטער גיטעל מיט
איר מאן שלמה רייף
**נפתלי צוקער** — מיט זיין פרוי
מינדיל — מיט זיין זין
מאיר און טאָכטער שרה
שטעלצער

**אלעזר רימער** — מיט זיין פרוי
ביילע רימער
**גאניא זילבער**
**דוד טארנער** — מיט זיין
פרוי און צוויי טעכטער
און איידים מרדכי פום
**משה דוד יעגער** — איז געווען
איין אָנפירער פון אַ גרע־
סערע פארטיזאַנער אָפּ־
טיילונג אין לובלינער
געגענט. זיי האָבן זיך

אָנגערופען אויף זיין נאָ־
מען. פארטיזאני יעגערא.
זיי האָבן אַ דורכגעפירט
אסך אָנפאלען אויף די
דייטשע רוצחים. זיי האָ־
בען באשטעטיגט אַ גרוי־
סע סומע פאר זיין קאָפּ.
הארט פאר דער באפריי־
אונג איז ער אומגעקו־
מען דורך די פוילישע
אַ. קאָ. רוצחים

**ינקום ד׳ נקמת דמם ונקם ישיב לצריו וכפר אדמתו עמו.**

**ת נ צ ב ״ה**

## דינאָווער פּערזענליכקייטען.

אויסער די שוין דערמאָנטע רבנים און בארימטע אדמורים וועלכע זיינען דערמאָנט געוואָרען אין אָנפאַנג פון בוך, האָט דינאָוו ארויסגעגעבען אייניגע בארימטע פּערזענליכקייטען. איינער פון זיי איז געווען דער אדוואָקאט **לייב לאנדא**, וועלכער איז געווען דער פארטיידיגער אין שטייגערס פּראָצעס. דאמאָלס ווען די פוילשע אנטיסעמיטען האָבען געמאַכט אַ בלבול אויף אַ אידישען סטודענט אז ער האָט געוואָרפען אַ באָמבע אויף דעם פּוילישען פּרעזידענט וויאָטשעכאָווסקי. ביי דעם פּראָצעס האָט ער דאמאָלס נאָך אלס יונגער אדוואָקאט ארויסגעוויזען אויסערגעווענ־ליכע פעאיגקייטען און געניאליטעט, צונישט מאכען די אלע פאלשע עדות. די אידישע פּרעסע פון דער גאנצער וועלט האָט דאמאָלס מיט שפּאנונג נאָכגעפאָלגט דעם פּראָצעס, ביז מען האָט דעם אומשולדיגען שטייגער באפרייט. זייט דאמאָלס איז געוואקסען זיין רוהם, אזוי אז מען פלעגט אים איינלאַדען קיין אויסלאנד אויף גרויסע פּראָצעסען. ער איז אומגעקומען אין לעמבערג דורך די נאצים.

דער בארימטער טאָרנער אדוואקאט און געזעלשאפט־ליכער טוער **גאָלדהאמער** איז געבוירען אין דינאָוו.

# אַ גרופּע ציונים



עס שטייען דער ערשטער (פון רעכטס) יוסף דאמב, מלך צוגהאפט, (ביידע זיינען אומגעקומען דורך די נאצים) דריטער יעקב טעפּער, (דעם סופר'ס זין ער געפינט זיך אין ישראל) צווייטע רייע (פון רעכטס) ערשטער אומבעקאַנט, העניך האלמאן, (אין ישראל) יוסף פּינקאַס, (אומגעקומען) פערדער אומבעקאנט, דריטע רייע (פון רעכטס) מאליסדאָרף, (אין ישראל) איציק שיע קאסער, (אַ בערימטער העברעאיסט און אָנפירער פון אַ רייע סנופים אין קבוצים ארום דינאַוו, אין ישראל) רייכעל קאסער.

# אַ גראָפּע חלוצים



עס שטייען (פון רעכטס) חיים הויזנער, לייזער ראבס, (אומגעקומען אין פּשעמישל ווי א העלד מיט אַ מאַשין געווער אין דער האַנט) יוסף פּינקאס, ישראל לויפּער, (אדורכגעלעבט דעם נאַציישען גיהנם אלס פּארטיזאנער, אומגעקומען שוין נאָך דער באפרייאונג דורך די פּוילישע אַ. קאַ. באַנדיטען) צווייטע רייע זיצענדיג, מאַנעס וואלנער, (אין ניו־יאָרק) איציק שיע קאַסער, פּנחס קעסלער.

# אַ גראָפּע ציונים



עס שטייען דער ערשטער (רעכטס), מרדכי שטערליכט, (אין ניו־יאָרק) הערש מיילעך הויזנער, חנה צוקער, (אַ זין פון נפתלי צוקער) (ביידע אומגעקומען דורך די נאצישע רוצחים), דער ערשטער זיצענדיג יעקב אבעלעס, (אומגעקומען אין פּרעמישלאַן), יוסף כ״ץ, (אין ניו־יאָרק), לייב שיאַוויטש, (אין פראנקרייך).

דאָס בילד האָט איבערגעגעבן צום דרוק מר אברהם זילבערמאַן פון דינאָוו, היינט אין נוי לאָנדאָן.

## חברים פון קבוץ כרמל אין דינאָוו



עס שטייען דער ערשטער (רעכטס) אלי׳ שמואל ראַטה, (אומגעקומען אין בעלגיע) ישראל צוקער (אומגעקומען) וואָלף לאַרינער, אייזיק הערצליך (אין די פעראייניגטע שטאטען) זיצענדיג אברהם רובינפעלד, (אומגעקומען אין ריבאטיטש) יוסף שענבאך, (אין ניו־יאָרק), איציק שיע קאסער, יידל רובינפעלד, איצי יאהרע, (אומגעקומען אין טארנאָפּאָל), דאָס בילד האָט איבערגעגעבען צום דרוק יעטא כ״ץ.

# אַ גראָפּע חלוצות



עס שטייען די ערשטע (רעכטס) מאלע ווײַנטרויב, (אומגעקומען) רבקה נאָק, (אין ניו־יאָרק) יעטא כ״ץ, (אין ניו־יאָרק) טויבע ראָטה, (אַ טאָכטער פון דוד ראטה) (אומגעקומען) די ערשטע פון דער צווייטער רייע (רעכטס) הענע ראָטה, (אַ טאָכטער פון בנימין ראָטה) (אומגעקומען אין בעלגיע), אהרן שפּרינגער, (דער אָנפירער פון דער גראָפּע געפינט זיך אין ישראל), מאַניע שטעלצער, (אומגעקומען), איבערגעגעבן צום דרוק דורך יעטאַ כ״ץ.

## אַ זיצונג פון קאָמיטעט פון גמילת חסדים קאסע אין דינאָוו



דער ערשטער (רעכטס) יוסף ראָזענבוים, (אומגעקומען) משה גרינשפאַן, (אין ישראל) אינזינער וויינרייך, (אומגעקומען), דאָקטאָר גאַוולער, מענדעל פרענקעל, (אומגעקומען), דער מאַן וואָס שטעהט איז הערש שטארץ, געקומען זיך לייען געלד, (אומגעקומען) דאָס בילד האָט איבערגעגעבען צום דרוק פנחס קעסלער, דער סעק. פון די דינאָווער סאָסייעטי.

## אַ גראָפּע דינאָווער אידען וואנדערען



אליעזר וואלנער מיט זיין פאמיליע און משה ראָזענבערג.
אלע געפינען זיך אין ניו־יאָרק

# אַ הייזעל פו דינאָווער באָד געסעל פון נפתלי כ״ץ



די וואָס שטעהען ביי דעם הויז זיינען, לוי פראנק, אן איידעם פון נפתלי כ״ץ מיט זייןפרוי און קינדער, נעבען אים שטעהט דוד תלמוד, יעקב ראַגיל, (אלע זיינען אומגעקומען).
איבערגעגעבען צום דרוק דורך **יוסף כ״ץ.**



נפתלי צוקער אָדער ווי מען האָט אים גערופען אין דינאָוו, נפתלי באַלע (אומגעקומען). אַ פשוט תמימות־דיג אידעל, אַ בעל עגלה וועלכער פלעגט אָפט פירען דינאָווער אידען קיין ריישא אָדער פשעמישל. געהאַט האָט ער שטענדיג אויסגעמאגערטע פערדלעך וואָס פלעגען צומאָל פאלען אויף דעם וועג. ער איז ענליך געווען צום בעל עגלה וואָס פרץ דערמאָנט, וועלכער פלעגט זיך אויסטענהען מיט די פערדלעך, שלעפּט, וועל איך אייך געבען האָבער, און זיי האָבען געטענעט גיב אונז האָבער וועלען מיר שלעפּען.

איבערגעגעבען צום דרוק דורך אברהם זילבערמאַן.



דער דינאָווער מארק בעת אַ יריד דאָנערשטיג, פון וועלכער דער גרעסטער
טייל אידען האָט געהאַט זייער חיונה.



די הויפּט גאס אין דינאָוו, וועלכע מען האָט גערופען דער קייסער וועג.

## די דינאָווער סאָסייעטי אין ניו־יאָרק



די ערשטע רייע שטייענדיג (פון רעכטס) א. אדלער, י. יאַרע מ. וואלנער, צווייטע רייע, פ. קעסלער (פינאנס סעקר.) ש. קעסלער, מ. פישמאן (פראָטאָקאָל סעקר.) פ. זעליג, (פרעז.) ד. מ. וואלנער, י. רובענפעלד, דריטע רייע, ל. טאג, ה. הייפלינג, מ. נעגער, ה. נעגער, י. אוירעז, מ. פיליסדאָרף.

# די דינאָווער ליידיס אָקזילערי

די דינאָווער ליידיס אָקזילערי איז געגרינדערט געוואָרען אין יאָר 1930, צווישען די גרינדערינס איז געווען לאה יארע, דער ערשטער סעקרעטער הערש נעגער, זיי זיינען אקטיוו צו העלפען די דינאָווער לאַנסלייט, און נעמען אויך אנטייל און פערשידענע הילפס טעטיקייטען.



די ערשטע שטייענדיג (רעכטס) רויזע ראָזענבערג, לאה יארע, לאה אדלער, מרס טאג, פריידעל שנעוויז, סילוויא קאָהן, (סעק.) זיצענדיג פון (רעכטס) פרומיד שויצער, (וויס פרעז.) מערי לובלינג, (פרעז.) סערא קאַהן.

# אַ דינאָווער פערזענליכקייט



**דאָס איז דער באַרימטער דיכטער און הומאָריסט, יעקב אדלער, אָדער ב. קאָוונער, דער לאַנגיעריגער מיטארבייטער פון פאָרווערטס און אנדערע זשורנאלען. זיינע ווערק זיינען איבערגעזעצט געוואָרען אין פארשידענע שפראַכען. זיינע שאפונגען זיינען געשפילט געוואָרען אין אַ רייע אמעריקאַנער און אייראָפּעאישע טעאטערס. ער געפינט זיך היינט אין פלאָרידאָ.**

# חורבן סאַניק

שרייבענדיג וועגען חורבן פון דינאָוו מוז איך אויך דער-מאָנען סאַניק. וועגען סאַניק וואָלט מען אמת באַדאַרפט אָנשריי-בען אַ באַזונדער בוך, ווייל זי האָט געהאַט אַ פירפּאַכיגע אידישע קהלה ווי דינאָוו, נאָר צוליב פינאַנסיעלע שוועריקייטען, און אויך צוליב דעם וואָס איך האָב נאָך נישט צונויפגעזאַמעלט די געהעריגע מאַטעריאַלען, האָב איך זיך געמוזט באַגענוגען מיט דעם קורצען קאַפּיטל. האָפענטליך ווען איך וועל אי"ה שרייבען וועגען חורבן ריישא וועל איך זיך אויך אומקערען צו סאַניק.

דער אידישער ישוב אין סאַניק האָט אונטער זיך אַ געשיכטע אַן ערך פון צוויי הונדערט יאָר. עס האָט אַמאָל געהערט מיט דער קהלה צו ליסק. אין פאַרלויף פון די צייט האָט זי אויפגעבליט אלס אַ וויכטיגער אידישער צענטער. אסך האָט געווירקט וואָס דאָרט איז לעצטענס געווען אַ ריזיגע אינדוסטריע, אַ וואַגאָנען פאַבריק און אַ ריזיגע גומי פאַבריק, וועלכע האָט געליפערט מאַטעריאַלען אין גאַנץ פוילען אויך קיין אויסלאַנד. דאָרט איז אויך געווען דער קרייזגעריכט צו וועלכען עס האָט אויך באַלאַנגט דינאָוו.

דער באַרימטער לובלינער רב ר' מאיר שפּירא ז"ל איז דאָרט געווען רב און אָנגעפירט מיט אַ ישיבה ביז ער איז אַוועק קיין פּיעטריקאָוו. נאָך אים איז אַ צייט לאַנג ליידיג געווען דער רבנות פּאָסטען ביז עס איז דאָרט געוואָרען רב ר' טוביה הורוויץ אַ זון פון מאַדענער רב און איין איידעם פון ריבּיטישער רבין, אַ בעקאַנטער עסקן אין דער אגודת ישראל. נישט געקוקט אויף זיין יחוס און

פּאַרטיי האָט ער געהאַט קעגען זיך אַ שטאַרקען צד וועלכער האָט אים נישט געוואָלט אנערקענען. ער איז אומגעקומען דורך די דייטשע רוצחים צוזאַמען מיט זיין קהלה אין גלות.

אין סאַניק האָט געוווינט דער בוקאָווסקער רבי ר׳ דוד און דערנאָך זיין זוהן ר׳ ראובן, וועלכער איז אומגעקומען מיט מסורת נפש, ווייל זיינע חסידים האָבען אים געוואָלט אויסלייזען, איין אַנדערער זאָל גיין אויף זיין אָרט. האָט ער זיך אנטזאגט אז איבער אים זאָל אומקומען אַן אנדערער איד. עטליכע מנינים דינאָווער חסידים פלעגען צו אים פאָרען אויף איעדען יום טוב. אויף דער פּאסעדא האָט געוואוינט דער דינאָווער רב ר׳ דוד וועלכער האָט אויך געפירט אַ רביסטווא.

באלד ווי די דייטשע רוצחים זיינען אַנגעקומען קיין סאַניק האָבען זיי דערשאָסען אַ אידיש יונגעל. מען האָט אים גערופען פּעטי, אַ ביסעל אַ צערודערטער, זעענדיק ווי זיי פירען אַ גרופּע מענשען פון די דערפער האָט ער זיך אָנגעשלאָסען אין זיי. אינמיטען האָט ער זיך מיישב געווען און אנטלאָפען. האָבען זיי אים אָנגעהויבען נאָכצו-לויפען, ביז עס איז צוגעקומען אַ איד און זיי דערקלערט אז דאָס איז אַ צעמישטער. נאָך אַ מינוטיגען ישוב האָבען זיי אים ווייטער אָנגעהויבען נאָכצויאָגען ביז נעבען דעם סאַן און דאָרט האָבען זיי אים דערשאָסען.

דעם צווייטען טאָג ראש השנה פּאַרנאַכט, דאַמאָלס ווען זיי האָבען אדורכגעפירט די שחיטה אין דינאָוו האָבען זיי אויך אונטערגעצונדען די סאַניקער שוהל, דאָס בית-המדרש און די תלמוד תורה בעת די שרפה האָט ישראל ראבאך געוואָלט ראטעווען אַ ספר תורה, זיין אידישע הארץ האָט אויפגעציטערט דערזעענדיג ווי דאָס בית המדרש שטעהט

אין פלאַמען, אַט װעלען פארברענט װערען די הייליגע ספרים. האָט ער באשלאָסען זיך מוסר נפש זיין כדי ארויסצונעמען אַ ספר. נישט געקוקט אויף דעם פלאַם און רויך װאָס האָט געשפארט פון אלע זייטען און געשטיקט אין האלז, האָט ער זיך אַדורכגעשלאָגען ביז דעם ארון קודש און מיט ציטער־דיגע הענט ארויסגענומען אַ ספר אריינגעקלאַמערט אין זיינע אָרימס און געלאָזט זיך ארויסגיין. דאַמאָלס זיינען אים אקעגען געקומען די רוצחים, ארויסגעריסען דאָס ספר פון די האנד און אריינגעװאָרפען אין פייער. מיט טרערען אין די אויגען האָט ער זיך צוגעקוקט װי דאָס הייליגע ספר װערט ארומגענומען פון די פלאמען. זיי האָבען זיך נישט באגענע־גענט מיט דעם ספר. די קאניבאלען האָבען אויך געמוזט האָבען אַ קרבן פון מענשליך בלוט און פלייש צו זייער גרויזאמען מולך. זיי האָבען אים באפוילען שטעהן נעבען װאנט צו דערשיסען. האָט ער זיך געבעטען ביי די גזלנים זיי זאָלען אים לאָזען געזעגענען מיט זיין פרוי און קינדער פאר דעם טויט. די בקשה פאר דעם טויט האָבען אים די גזלנים צוליב געטאָן און אריינגעפירט אין זיין שטוב אריין. שרעקלעכע ספאזמען האָבען זיך דאָרט געהערט, דאָס װייב האָט געחלשט די קינדער האָבען אים ארומגענומען און נישט געלאָזט געהן. די גרויזאַמע רוצחים האָבען זיי אװעקגעשליידערט און אים דערלאַנגט מיט דער ביקס איבערן קאָפּ ער זאָל שנעלער ארויס פון שטוב. ער האָט נאָך אַ קוש געטאָן די מזוזה און צום לעצטען מאָל אַ בליק געטאָן אויף זיין פארחלשטע פרוי און װיינענדיגע קינדער. באלד אין דרויסען האָבען זיי אים דערשאָסען און צוגעשלעפּט צום פייער און אריינגעװאָרפען נעבען די ברענענדיגע ספרי תורות. אזוי זיינען אומגעקומען אידען צוזאַמען מיט די הייליקע ספרים. ער האָט נאָך געלעבט און געשריגען שמע ישראל. די רוצחים האָבען דערביי געזונגע־

דעם שמוציגען האַרסט וועסעל ליד, ווען דאָס אידען בלוט פאַן דעם מעסער שפּריצט.

צו יוסף פּאַליווקער האָבען זיי אריינגעשאָסען דורכן פענסטער און דערנאָך האָבען זיי גענומען זיין זון הערש און אים איינגעזעצט אין תפיסה און געמאַטערט פארוואָס ער האָט דערשאָסען זיין פאָטער.

אַ סאַניקער איד מיט דעם פאמיליע נאָמען, שטייגער, אַ שכן פון דער תלמוד תורה, זעענדיק אז די תלמוד תורה ברענט, איז ער תיכף ארויסגעלאָפען פון שטיב אין דער ריכטונג פון דער תלמוד תורה בכדי מציל זיין אַ ספר תורה. מער ארויסראַטעווען האָט ער אָבער שוין נישט געהאַט קיין צייט נאָר איין ספר איז אים געלונגען ארויס־צונעמען, ווייל דער פוסבאָדען האָט געברענט. ארויסקומענדיג מיט דעם ספר דורכן פענסטער איז צו אים צוגעקומען אַ רוצח און אַרויסגעריסען דאָס ספר מיט איין האַנט, און מיט דער צווייטער געצויגען דעם רעוואָלווער אים צו דערשיסען. צו זיין גליק איז אָנגעקומען אַ שכנטע אַ מיידעל פון דער פאמיליע ליזער, און זי האָט אים קוים מיט צרות און געוויין צוריקגעהאַלטען ער זאָל אים נישט דערשיסען. ווי ער איז נאָר אריין אין שטוב, זיינען צו אים ווידער אריין צוויי אנדערע רוצחים און געשריגען צו אים, פערפלוכטער יודע, ווארום האָטו דאָס טעמפעל אונטערגעצונדען? זיי האָבען אים אוועקגעשלעפּט כדי צוצושטעלען צו אַ גרופּע וואָס זיי האָבען אין דער פרי געזאָלט שיסען. די ליידען וואָס ער האָט געהאַט אויף דעם וועג זיינען געווען אומבאשרייבליך און גרויזאַם. ווען ער איז געקומען אויף דעם פּלאַץ, איז צו זיין מזל די גרופּע שוין געהאַט אוועק. זיי האָבען אים צוריק געפירט אין תפיסה אריין מיט דער מיינונג אים צו דערשיסען צווישען אַ צווייטער גרופּע, אָבער אויך דאָס

מאָל האָט אים דאָס גליק אָפּגעשפּילט, דורך דעם וואָס די רוצחים וואָס האָבען אים פארהאַלטען זיינען אוועק פון סאַניק. דאַן איז ער באפרייט געוואָרען

אַ סאַניקער אינגעל דוד אייז׳ס אַ זון איז גראד געווען אין דינאָוו בעת דער שחיטה, מען האָט אים אוועקגעפירט צו דערשיסען צוזאַמען מיט אַ גרופּע אידען. ער איז על פי נס געבליבען לעבען צווישען דער מאסע הרוגים, געמאכט זיך טויט, דאַמאָלס ווען די רוצחים האָבען צוזאמען געוואָר־פען אויף איין קופּע אלע הרוגים. ווען די רוצחים זיינען אוועק איז ער אנטלאָפען. ער האָט דערנאָך געבענשט גומל אין דעם שטעטל טערווא וואָלאָסקא, שבת ביים ליינען.

סאַניק האָט אויך געטיילט דעם זעלבען גורל וואָס דינאָוו. די גרויזאַמע געסטאַפּא האָט אלע אידען באפוילען צו פארלאָזען די שטאָט מיט אן אויסנאַם פון געוויסע נוצליכע ארבייטער, וועלכע זיי האָבען געשטעלט באזונדער און זיי דערלויבט צו בלייבען.

סאַניקער אידען האָבען זיך דערנאָך ארומגעבלאנקעט נאקעט און באָרוועס אויף דער צווייטער זייט פון סאַן. דער גרעסטער טייל איז אומגעקומען אין די לאגערען און אין די געטאָס. נאָר אַ קליינער פּראָצענט האָט זיך גע־ראַטעוועט.

זאָלען די ווערטער זיין **למזכרת נצח**, אין אייביקען אנדענק נאָך די **סאַניקער קדושים.**

**ינקום ד׳ נקמת דמם ונקם ישיב לצריו וכפר אדמתו עמו.**

**ת נ צ ב ״ה**

# חורבן דיבעצק

קיינמאָל וועל איך נישט פאַרגעסען אין דעם שטעטעלע דובעצק. ווען איך דערמאָן זיך אין דינאָוו מוז איך זיך אויך דערמאָנען אין דובעצק אזוי ווי מען קען נישט דער־מאָנען איין צווילינג קינד און פאַרגעסען אין צווייטען.

פון דינאָוו ביז דובעצק איז אינגאַנצען 14 קילאָמעטער. משהלע מארשעלעק מיט די קלעזמאָרים האָבען נאָך געהאַט צייט מוצאי שבת אָנצוקומען צופוס צו אַ חתנה אין דינאָוו. פורים ווען די אָרימעלייט האָבען זיך אָפּגעפּאַרטיגט אין דינאָוו האָבען זיי אריינשפּאַצירט קיין דובעצק. בחורים פלעגען זיך פשוט דורכשפּאַצירען פון איין שטעטל צום אנדערען. דער גרויסער טייל פון דיביידע שטעטלעך זיינען געווען געקניפּט און געבונדען אין קרובה׳שאַפט אָדער מחותנים. אזוי אז די אלע דערמאָנטע געשיכטעס פון דינאָוו זיינען גוט באַקאַנט צו די דובעצקער אידען, און די געשיכטע פון דובעצק איז גוט באַקאַנט צו די דינאָווער אידען.

די זעלבע שטורעמס וואָס זיינען אדורך איבער דינאָוו האָבען אויך נישט אויסגעמיטען דובעצק. דובעצק ליגט הארט ביים סאַן, נענטער צו פּשעמישל. געניי קען מען נישט פעסשטעלען ווען דער אידישער ישוב איז דאָרט אנשטאַנען, אלענפאלס מיט אַ פּאָר צענדליג יאָר שפּעטער ווי דינאָוו, פון שנת ת״ח איז דאָרט נישטא קיין שום שפורען, מעגליך אז עס איז ביז דאַמאָלס שוין געווען דאָרט אַ קליינע אידישע קהלה, נאָר זיי זיינען זיך צעלאָפען אי די גרויזאַמע יאָרען. די עלצטע מצבה וואָס מען האָט דאָרט געפונען איז געווען פון יאָר ת״ס: דער אלטער קהלישער

פנקס איז פאַרברענט געוואָרען בעת אַ שרפה מיט אַסך יאָרען צוריק. אין דער דינאַוווער גמינע איז געווען אַ געזעץ נאָך פון דעם אַמאָליגען פּוילען פון זיבעצענטען יאָר הונדערט וועגען ירידים אין וועלכע טעג זיי דאַרפען פאָרקומען. איז געווען דערמאָנט די ירידים פון דובעצק וואָס דאַרפען פאָרקומען אין אַ באַזונדערען טאָג, כדי די דינאַוווער אידען זאָלען קענען אנטייל נעמען אין די דובעצקער ירידים. דובעצק האָט געצויגען איר גייסטיגע יניקה, תורה און חסידות פון די דינאַוווער רבנים און אדמורים. שוין ביי דעם מלא הרועים האָט מען געזען דובעצקער תלמידים וואָס האָבען גענעסען טעג ביי די דינאַוווער בעלי בתים. דערנאָך זיינען זיי געקומען צו דעם גרויסען צדיק ר׳ יהושע און צום רבין ר׳ צבי אלימלך. די גרעסטע טייל פון די דובעצקער חסידים זיינען דאָ אוועקגעזעסען טאָג און נאכט אין דינאָוו. גלייכצייטיג איז דאָרט געווען אַ היבשע צאָל חסידים וואָס פלעגען פאָרען קיין בעלז צום רבין ר׳ שלום זצ״ל כאָטש פון דאָרט איז געווען אַ מרחק רב קיין בעלז. פלעגען זיי דינגען אַ בויד און ארויספאָרען מיט עטליכע טעג פריער כדי אָנ-צוקומען אויף יום טוב. אפילו שוין אין די לעצטע יאָרען פלעגען זיי אויך דינגען אזא בויד און פאָרען קיין בעלז. נישט איינמאָל פלעגען אויסקומען היציגע חסידישע ויכוחים בעת וועלכע מען פלעגט זיך געגענזייטיג מבזה זיין און אפילו דערלאַנגגען פעטש. אין אָרימקייט איז דובעצק איבער-שטיגען דינאָוו. מען האָט דאָרט געזען ווייניג געמוירטע הייזער, אין געגענזאַץ צו דינאָוו ווי די גרעסטע טייל הייזער זיינען געווען געמוירט. אין מארק איז געווען נאָר איין שטאָקיגע געביידע וועלכע האָט געהערט צום אַפטייקער. די מארק טעג און ירידים זיינען געווען זער קליינע. קיין באַן האָט עס נישט געהאַט. דינינאָווער אויטאָס וואָס האָבען קורסירט קיין פשעמישל האָבען דאָרט אָפּגעטרויטען נאָך פּאַסאַזשירען.

איך געדענק נאך ווי היינט דעם שבת וואס איך האב פארברענגט אין דובעצק אלס חסיד ביי דעם ריבּיטיטשער רבין, א זוהן פון בלאזיווער רב דער מחבר פונצבי לצדיק, ווען איך בינאך געווען א יונג יונגעל. געווען איז דאס ווינטער צייט, דאס גאנצע שטעטעלע איז געווען באדעקט מיט שניי. אויף טייל ערטער האט דער שניי שיעור דערגרייכט ביז די דעכלעך פון די הייזלעך און איינגעהויקערטע פאטשע־נעס.

אין בית המדרש איז געווען א נחת, א ליכטיקייט פון דעם ריזיגען גאז לאמפ. א ווארימע אידיש חסידישע אטמאספערע האט דארט געהערשט. דאס פרומקייט און חסידות האט ארויסגעשיינט פון אלע ווינקלען. שבת אין דער פרי נאכען דאווענען האט מען אונז געשלעפט פון איינעם צום אנדערען אויף קידוש און מיר האבען זיך קוים דערשלעפט אויף די פיס צוריק אין בית המדרש אריין צום רבינ׳ס טיש. מוצאי שבת האבען מיר זיך געזעגענט מיטן רבין און מיט די גאסטפריינטליכע בעלי בתים, אויפ־געזעצט זיך אויף דעם שליטען אין א שעה זיינען מיר שוין געווען אין דער היים.

דאס אלעס דערמאנט זיך ווי אין א חלום, ווייל דאס אידישע דובעצק עקזיסטירט שוין מער נישט. די גרויזאמע היטלער שחיטה האט עס נישט אויסגעמיטען. עס האט גע־טיילט דעם זעלבען גורל פון אלע אידישע שטעטלעך אין פוילען פון וועלכע עס איז געבליבען א קליין הייפעלע אידען וועלכע האבען זיך געראטעוועט מיט ניסים.

צומארגענס, זונטיק צום גדליה, ווען די נאצישע רוצחים האבען געפערטיגט זייער גרויזאם שטיקעל ארבייט אין דינאוו, זיינען זיי אריינגעקומען קיין דובעצק אין דארט זיך גענומען צו דער מיסער און עקעלדיגער מלאכה. זיי האבען דערשאסען עלף אידען. צווישען זיי צוויי זין פון רפאל יאווארניקער.

מלך מלמדס א זון מענדעל, און איידעם פון יחיאל מאַנעסבוים פון דינאָוו, יעקב ראבס, משה שטראסלער. שמחה טיסער, אַ איד אַ למדן אַ בעל צדקה, און עוסק בצרכי ציבור, אַנגעפירט מיט דער גמלת חסדים קאסע, אַ איד אַ טובה צו טאָן וואָלט ער געגאַנגען אין פייער אריין. זיי האָבען אים ארויסגענומען פארטאָג פון בעט און דערשאָסען. אַ שוידער האָט ארומגענומען דאָס שטעטל הערענדיג פון זיין גרויזאַמען טויט. ער האָט איבערגעלאָזט אַ פרוי מיט דריי קינדער, וועלכע זיינען דער־נאָך אומגעקומען אין יאָר 1942.

דוד דאָרנבוש אַ זון פון חיים דאָרנבוש. שמאי פרידמאַן. דער קראָסנער רב הגאון ר׳ שמואל פיהרער ז״ל האָט זיך גראד דאמאָלס געפונען אין דובעצקע בית-המדרש און די רוצחים האָבען אים געשלאָגען מכת רצח. ער איז קוים אַ לעבעדיגער ארוים פון זייערע הענט. דאן האָבען זיי פארברענט דאָס בית-המדרש.

אַ טאָג פאר ערב סוכות האָבען די דובעצקער אידען אויך באַקומען דעם זעלבען באַפעל פון די רוצחים קאָמאַנדע צו פארלאָזען דאָס שטעטל און אריבערגעהן דעם סאַן, ווי זיי האָבען זיך צונויפגעטראָפען מיט די דינאָווער אידען אין בערטש און אין פשעמישל. אזוי האָבען געוואנדערט די אידען פון אלע שטעטלעך נעבען סאן אריבער אויף דער צווייטער זייט.

דער דובעצקער רב ר׳ שמואל אהרן פלאם אַ בנש״ק איז אומגעקומען אין פרעמישלאַן מיט זיין רעביצין.

**זאָלען די ווערטער זיין אַ מצבה לכבוד די דובעצקער קדושים וואָס זיינען אזוי טראגיש אומגעקומען.**

**ינקום ד׳ נקמת דמם ונקם ישיב לצריו וכפר אדמתו עמו.**

ת נ צ ב ״ ה

# די דינאָווער סאָסייעטי אין ניו־יאָרק

די דינאָווער סאָסייעטי איז געגרינדערט געוואָרען אין יאָר 1915 דורך אַ גרופּע דינאָווער לאַנדסלייט. צווישען די גרינדערס זיינען געווען: **יהושע הייפּלינג** ע"ה, **לייביש רובינפעלד** ע"ה, **ברוך קעלמאַן** ע"ה, **אלקנה רובינפעלד** ע"ה, **מענדיל פּוליסדאָרף** ע"ה, **און אלקנה ווילק** ע"ה. און יבדל לחיים, **הערש נעגער, משה נעגער, דוד מאיר וואלנער יהושע ראבי.**

באלד נאָך דער גרינדונג האָבען די פאָלגענדע אויך געשאַפען דעם רעליעף וועלכער האָט פיעל ארויסגעהאָלפען די דינאָווער אידען וואָס האָבען פיעל געליטען פון דער ערשטער מלחמה. די הילפסטעטיגקייט פון רעליף פאַר די דינאָווער לאַנדסלייט עקזיסטירט נאָך ביז היינט.

אַ באַזונדערע טעטיגקייט האָבען זיי ארויסגעוויזען צו די לעבענגעבליבענע דינאָווער אידען, פון דער לעצטער שוידערליכער שחיטה פון די היטלעריסטען ימח שמם.

זייט איר גרינדונג האָבען זיך די דינאָווער סאָסייעטי און רעליעף צעוואָקסען אויף איינע פון די טעטיגסטע סאָסייעטים אין ניו־יאָרק.

# אַ דאַנק

איך דריק אויס אַ דאַנק די אַלע מענשען וואָס האָבען מיר געהאָלפען פינאנסיעל ביי ארויסגעבען דעם בוך.

די דינאָווער סאָסייעטי

די דינאָווער ליידים אָקזילערי מר אבא מילער
מר ישראל לאבמשער מר אברהם זילבערמאן
מר הערי לאנדעס מר מאיר מילדוואָרף
מר קארל ווייצנער מר מאקס פישמאן

